№ 47.

צווייטער יאהרגאנג

# יודישע
# פאלקס-צייטונג

18 November 1903.

פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא.

כ"ה חשון תרס"ד.

# ביבליותיקה לבני הנעורים (הוצאת „תושיה"):

## I לילדים:

1) קובץ שיחות קטן (שיחה) מאת ר. גוסטפסון, תר' נ. פינס. 2) ידידי המלך עמינדב (שיחה) — הנ"ל, תר' הנ"ל, 3) הרועה ובת המלך (אגדה) —הנ"ל, תר' י. ב. לבנר. 4) א] המלך אשר שנתו נגזלה, ב] פרחי ששון (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 5) ארבעים שודדים (אגדה ערבית)—תר' מ. סילמן. 6) שלשה אחים (שיחה)—ר. גוסטפסון, תר' נ. פינס. 7) רחוב הזהב (אגדה עברית)—ל. ויזל, תר' י. ב. לבנר. 10—8) א] עשר ואשר, ב] גדול העליליה (אגדות ערביות)—תר' הנ"ל. 12, 11) א] גמול ישרים או רחוב מ"זל, ב] הרמב"ם והעלם האלם (אגדות עבריות) — ל. ויזל, תר' הנ"ל. 13) החבצלות (ספור)—רוטשיק, תר' נ. פינס. 14) הכליף־החסידה (אגדה) — הויף. תר' י. ב. לבנר. 15) א] פרעה מלך מצרים (ספור הסטורי) — ד'ספירל, ב] בלב־ים (אגדה מדרשית)—תר' הנ"ל, 16) איש בלי לב (אגדה אנגלית)—תר' א. ליבושיצקי. 17) הדיג והדגה (אגדה בחרוזים) — א. ס. פושקין, תר' הנ"ל. 18) ל"ג בעומר (ספור) — ש. דינר. 19) הכלה האמתית (אגדה) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 20) יוחנן הנאמן (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 21, 22) א] הרח אוהב הכסף ספור התולים), ב] עשיר אמ"ל (אגדה) —תר' מ. סילמן. 23) המלך שלמה ומשחקי השח־מט (אגדה מזרחית) — תר' א. ב.. 24) לב אבן (אגדה עברית) —ל. פיליפזון, תר' פ. קפלן. 25) אח ואחות (ספור)—תר' הנ"ל. 26) גלית הנדיב (ספור)—תר' א. ליבושיצקי. 27) לבנת שלג (אגדה) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 28) השד ושלש שערות הזהב (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 29) א] בית היער, ב] הנחש הלבן (אגדות) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 30) א] הברקת, ב] אשר ועני (ספורים)—י. ב. לבנר. 54—31) כל אגדות ישראל (חלק א', 24 חוברות) — הנ"ל. 55) ילד מצל (שיחה)—א. ברוסילובסקי. 58—56) משלי ילדים (3 חוברות) — שלמון. 59,60 מעשה בנבוכדנצר שנהפך לדב (ספור) — י. צ. לוין. 75—61) למען אחי הקטנים (ספורים מקוריים ומתרגמים, 15 חוברות) — א. ליבושיצקי. 78 — 76) מגון לשמחה (ספור)—ב. שמידט. תר' י. ב. לבנר. 79) ימים מקדם (ספור) — מ. הורליק. 80) ילדים עובדים (ג' ספורים: 1] יעקב, 2] יונה, 3] רחבות) — י. גרזובסקי. 90 - 81) שיחות ילדים (10 חוברות) — י. שטינברג. 93—91) למך ולמך (ספור־אגדה)—י. צ. לוין. 95—94) נח בתבה (ספור־אגדה) — הנ"ל, 97—96) העצמות היבשות (ספור־אגדה) — הנ"ל. 99—98) הפחה הרועה (אגדת בני קדם) — תר' ב. רובינזק. 100) מעשה בבן מלך (אגדה)—הנ"ל. 101) א] החסידה, ב] החידה (אגדות)—האחים גרים, תר' ש. ברמן. 102) א] יקטן הנבון, ב] זלפה החכמה, ג] המסחר הטוב (אגדות)— הנ"ל, תר' הנ"ל. 103) א] מלך הר הזהב, ב] ש... ית ושלמה (אגדות)— הנ"ל—הנ"ל. 104) א] ארון הזכוכית, ב] החתן השודד (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 105) עפר האילים (אגדה) —הנ"ל, תר' הנ"ל. 106) בת יחידה (ספור)—תר' א. ליבושיצקי. 107) המזמרת הקטנה (ספור)—תר' הנ"ל. 108) א] המשורר העני, ב] דבורה הזקנה (ספורים)—תר' הנ"ל. 109) מעשה בשלטן אחד (אגדה ערבית) —תר' הנ"ל. 110 א] המלאך הגואל, ב] הכוכבים שאבדו (פנטסיות) —הנ"ל. 155—111) כל אגדות ישראל (חלק ב', 45 חוב')—י. ב. לבנר. 156) צפור־הזהב (אגדה)—האחים גרים, תר' ש. ברמן. 157) החיט אמיץ הלב (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 158) רמוצה (אגדה)— הנ"ל, תר' הנ"ל. 159) א] כפה ארומה, ב] הקציעה (אגדות)—הנ"ל, תר' הנ"ל. 160) רעת האווים (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 163—161) בני המלך והלביא (אגדה מזרחית, ג' חוב') — תר' ח. ה. רוזנשטיין. 164) דבורה (אגדה) — תר' פ. קפלן. 165) אי־הסוף (אגדה)—תר' א. רוזט. 166) חכמה נפלאה (ספור)—הר' חיים רבינוביץ. 167,168) א] רבי אליעזר בן הורקנוס (תילדה)—י. מיוחס, ב] מעשה באיש מופת (ספור) — ק. ל. סילמן. 169, 170) ישולמית (אגדה, מימי שלמה מלך ישראל)—י. שטינברג. 171) א] גבה מעל גבה (משל), ב] המנדרין והבגדיחן (בדיחה)—תר' י. ב. לבנר.

מחיר כל נומר 4 ק'. פאר' לכל חוברת או ישלש נומ' 2 ק'; כל 5 נומרים בכרך קטן אחד מכ' בבד ארום מחירו ... פאר' 4 ק'; כל 10 נומרים בכרך אחד מכ' 55 ק. פאר' 6 ק'; כל 15 נומרים בכרך אחד מכורך הדר בבד 75 ק'. פאר' 10 ק'.

מחיר כל אגדות ישראל מאת י. ב. לבנר (מאשר מטעה"מ) (פורמט קטן) ח"א מכ' הדר 1.15 ר'. פאר' 14 קאפ; ח"ב בשני כרכים מכ' הדר כ"א 1.05 ר'. פארטא לכ"א 14 קאפ'.

מחיר ילקוט ספורים (י"ד ספורים) מאת י. ב. לבנר (מאשר מטעה"מ) 56 ק', מכ' הדר 70 ק'. פאר' 10 ק'.

## II לנערים:

1] א—ב) מלחמת אחים (ספור ע"פ ו. הוגא), י. ב. לבנר.
2] ג) אגריפס הראשון (ציור הסטורי). א. ז. רבינוביץ.
3] ד—ה) השבוי בקוקז (ספור טולסטוי) תר' הנ"ל.
4] ו—י) המוהיקני האחרון ספור ע"פ קופר) י. ב. לבנר.
5] יא—יג) אי בורניא (ספור מסע ע"פ מיין־ריד). א. ז. רבינוביץ.
6] יד) בני משה (אגדה). ל. מקלר.
7] טו) הנדחים בירכתי צפון (ספור־מסע). תר' מ. ס. איזנשטט.
8] טז— כ) מגבורי האומה (תולדות ישראל ע"י ביוגרפיה) 5 חוברות: 1) עזרא ונחמיה; 2) שמעון הצדיק וחוניו בגו; 3) יהודה המכבי; 4) שמעון בן שטח ושלומית אחותו; 5) הלל הבבלי (הזקן). ש. ברמן.
9] כא—כה) בן המלך והעני (ספור ע"פ מרק טוען). 5 חוברות. י. גרזובסקי.
10) כו—כט) האח העור (ספור ע"פ גרן), 4 חוברות. י. ב. לבנר.
11] ל) הצעד הראשון (ספור). תר' פ. קפלן.
12] לא—לה) מחיי הטבע (ספורים מחיי החיות, פ. ברנדל) 5 חוברות. תר' י. גרזובסקי.
13] לו—נ) מגבורי האומה (כנ"ל) 15 חוברות: 6) רבן גמליאל הזקן; 7) אלעזר בן חנניה הכהן ויוחנן בן לוי מגוש חלב; 8) רבי יוחנן בן זכאי 9) רבן גמליאל דיבנה; 10) רבי יהושע בן חנניה; 11) רבי טרפון; 12) רבי ישמעאל בן אלישע; 13) רבי עקיבה בן יוסף; 14) שמעון בר־כוכבא; 15) רבי מאיר; 16) רבן שמעון בן גמליאל; 17) רבי שמעון בן יוחאי; 18) רבי יוסי בן חלפתא; 19) רבי יהודה הנשיא, חוברת א'; 20) רבי יהודה הנשיא, חוברת ד'. ש. ברמן.
14] נא—נב) הנודד הקטן (ספור, ה. אמיצים). 2 חוב'. תר' א. ליבושיצקי.
15] נג—נד) ברונא הנודד (ספור). תר' א. הייבשוביץ.
16] נה) שני המלכים (ספור). תר' ב. רובינזק.
17] נו) נחל דמעה (אגדה קוקזית). תר' הנ"ל.
18] נז—נח) זונת המלכה (אגדה). תר' מ רודיוב.
19] נט—ס) חכמת העמים (מספורי לבולי). תר' י. גרזובסקי.
20] סא—ע) מגבורי האומה (כנ"ל) 10 חוברות: 1) רבי חנינא בן חמא; 2) רב (אבא אריכא); 3) הנ"ל; 4) שמואל (ירחינאי); 5) רבי יוחנן בן נפחא; 6) הנ"ל; 7) רבי שמעון בן לקיש (ריש לקיש); 8) רב הונא ורב יהודה; 9) רבי אבוהו; 10) רבה ורב יוסף. שלמה ברמן.
21] עא—עג) 1) אהבת אם (ספור), 2) יחזקאל (ספור). י. שטינברג.
22] עד) 1) שכולה, 2) כתב הזובבים, 3) האח והאהות, 4) החביד והדסידה (מעשיות). הנ"ל.
23] עה) 1) שרח בת אשר, 2) צפורה (אגדות). י. שטינברג.
24] עו) 1) הץ תשועה, 2) מלת פלאים (אגדות). הנ"ל.
25] עז) 1) תמרי של משה עשר, 2) גור הדין (אגדות) הנ"ל.
26] עח, עט) 1) צחוק שפתים (ספור), 2) האסף (ספור) י. ב. לבנר.
27] פ) במקום דרשה (מחזה לילדים). י. ח. טביוב.
28] פא) נשף פורים (מחזה לילדים במערכה אחת). מ. מונסביץ.
29] פב) החמסן הקטן (חזיון בעלילה אחת והמשה מחזות). מ. הורליק.
30] פג—פד) מוכר נער רע (חזיון בשמונה ... זה). תר' הנ"ל.
31] פה) העניים (חזיון בעלילה אחת והמשה מחזות). תר' י. מ. זלקינד.
32] פו—צ) מחיי הטבע (ספורים מחיי החיות, פ. ברנדל). תר' י. גרזובסקי.
33] צא) מחיי הילדים בארץ ישראל (ספורים). חמדה בן־יהודה.

מחיר כל נומר 6 ק'. פאר' לאחד או לשנים 2 ק'; כל 5 נומרים מכ' בכריכה יפה 40 ק'. פאר' 6; כל 10 נומרים מכ' הדר 80 ק'. פאר' 10 ק'.

Издательство „ТУШІЯ", Варшава. — Verlag „TUSCHIJAH", Warschau.

צווייטער יאהרגאנג. | Jüdische Volks-Zeitung | Nr. 47.

אבאנאמענטס-פרייז:

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע
# פאלקס-צייטונג.

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“:
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:

יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון ש"ום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהר"יך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל, יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

כ"ח חשון תרס"ד. | Nr. 47. | 18 November 1903.


## ציון און מזרח-אפריקא.

### ה' גרינבערגס רעדע אין ליעדז.

איך וויל רעדען איבער די מזרח-אפריקאנישע פראגע, איבער דעם פארשלאג, וואס די ענגלישע רעגירונג האט אונז געמאכט.

איבער דעם לאנד גופא קאן איך אייך זעהר ווייניג זאגען, ווייל איך וויים פון דעם נישט מעהר פון איהר, און מיר מוזען ווארטען ביז די עקספעדיציע, וואס וועט געשיקט ווערען אין אוגאנדא וועט צוריק קומען. און פארדעם קאן מען וועגען דעם נישט רעדען און קיין וכוחים נישט האלטען.

וכוחים קאן מען נאר האלטען וועגען די פאליטיק פון דעם דאזיגען פלאן. איך וויל קיין שלעכט ווארט נישט זאגען געגען די, וואס זענען געגנער צו דעם מזרח-אפריקאנישען פראיעקט, אין אזא בעוועגונג ווי די ציוניסטישע איז, מעג יעדער זיך זאגען אפען זיין מיינונג און איך בין זיכער, אז זיי האבען עס געמיינט עהרליך. איך וועל אין מיין לעבען נישט פארגעסען דעם איינדרוק, וואס עס האבען אויף מיר געמאכט די געגנערס, ווען זיי האבען זיך פארזאמעלט אויף א בעזונדערע אספה, נאכדעם ווי דער פראיעקט וועגען שיקען איין עקספעדיציע איז אנגענומען געווארען. איך וועל אין לעבען נישט פארגעסען די סצענע, וואס האט זיך דענסטמאל צווישען די רוסישע דעלעגירטע אבגעשפיעלט, א סצענע וואס בעווייזט ווי טריי זיי זענען צו זייער אידעאל, און לאזען פון דעם קיין קוצו של יוד נישט אראבנעמען.

געווים מוז מען הויכשעצען די געפיהלע פון אזוינע אידעאליסטישע מענשען. אבער זענען זיי אויך גערעכט? הייסט דאס פראקטישער ציוניזם? איז דאס א פאליטיק, וואס קאן אויסגעפיהרט ווערען? ווען מען זאל מיך פרעגען, וואס איז דער גרעסטער פעהלער פון אונזער פאלק, וואלט איך זאגען, אז עס איז דער, וואס אלס איינצעלנע מענשען זענען מיר צופיעל מאטעריאליסטען און אלס פאלק צופיעל אידעאליסטען, און דעריבער האט זיך ביי אונז געקאנט געפינען א פארטיע, וואס זיי איז נישט געפעלען דער מזרח-אפריקא-פראיעקט, ווייל ער איז צו פראקטיש און ווייניג אידעאליסטיש.

מען האט מורא, אז דורך די קאלאניזירונג פון מזרח-אפריקא וועט מען פארגעסען אן ארץ ישראל; ווי נאריש איז אזא שרעק! צוויי טויזענט יאהר זענען מיר אין גלות, וואו מיר האבען די גרעסטע צרות אויסגעשטאנען און האבען פונדעסטוועגען אן אונזער היילינ לאנד נישט פארגעסען, וועלען מיר דורך דעם, וואס א טייל פון פאלק וועט לעבען זיכער אין אפריקא געווים ירושלים נישט פארגעסען. איך גלויב פארקעהרט, אז נאר די יודען וואס וועלען ערצויגען ווערען אין א פריי לאנד וועלען זיין די בעסטע חובבי ציון און וועלען אונז אין אונזער ארבייט פאר אונזער לאנד קענען אסך העלפען.

אנדערע ווידער פרעגען, וואו וועלען מיר דאס נעמען די מאפעלטע כחות צו ארבייטען אי פאר ארץ ישראל אי פאר מזרח-אפריקא? דאס בעווייזט, אז די וואס פרעגען זענען נישט קיין אמת'ע חובבי ציון, און זייער ליבע צו איהר איז א שוואכע און גלויבען נישט, אז אין אונזער בעוועגונג זענען דא אזוינע מענשען, וואס זענען גרייט זייער לעבען מקריב צו זיין פאר פאלעסטינא. איך בין זיכער, אז דורך דעם מזרח-אפריקא פראיעקט וועט די צאהל פון די ציוניסטען, וואס ביז היינט דערגרייכט זי לכל היותר ביז א מיליאן, אסך מעהר ווערען. מיט דעם מזרח-אפריקא פראיעקט וועלען מיר מאכען א בריס, איבער וועלכע עס וועלען צו אונז איבערגעהן א גרויסע צאהל יודען פון די, וואס האבען ביז היינט פון ציון אדער נאר נישט געוואוסט אדער גאר נישט געהאלטען. גלויבט מיר אז עס וועט גאר נישט לאנג דויערען און זיי וועלען זיין גוטע נאציאנאליסטען. ווידער זאגט מען אונז, אונזערע בעוועגונג דארף זיין א ציוניסטישע, אבער נישט קיין מזרח-אפריקאנישע איך בין מודה, אז עס איז אזוי, אבער מען קאן דאך נישט א דערוואקסענעם מענשען אנטון צוריק זיינע אמאליגע קינדער-קליידער. די געשעהנישעז אין אונזער בעוועגונג האט אונז געצוואונגען צו

פארגרעסערען די פעלד פון אונזער ארבייט. פון איין זייט האט מען אונז געוויזען, אז פאלעסטינא קאן מען אזוי גיך נישט בעקומען, פון איין אנדער זייט זעהען מיר, אז די תנאים, אונטער וועלכע מיר לעבען צווינגען אונז עפּיס צו טון, כדי אביסל צו ערלייכטערן די יודישע נויט, דערמיט וואס מיר גרינדען יודישע קאלאניעס אונטער דעם שוץ פון פון די בעסטע און פרייסטע רעגירונג.

און באמת איז אונזערע בעוועגונג דער עיקר א נאציאנאליסטישע בעוועגונג, מיר זענען דעריבער ציוניסטען ווייל מיר זענען נאציאנאליסטען, און דאס וואס איך האב געזאגט, אז דער פארשלאג פון די ענגלישע רעגירונג איז א גרויסער שריט נעהנטער צו פאלעסטינא, איז דאס געמיינט, אז די נאציאנאלע בעדייטונג פון אונזער פאלק ווערד דורך דעם געשטארקט. וואלט פאלעסטינא געהערט צו דער ענגלישער רעגירונג וואלטען מיר מיט איהר אונטערהאנדעלט וועגען פאלעסטינא. דערמיט וואס די ענגלישע רעגירונג האט אונז געזאגט „מיר וועלען אייך געבען א שטיק לאנד, וואס וועט זיין ריין יודיש", האט זי אנערקענט אונזערע פאָרדערונג צו זיין א נאציאָן.

א טייל ווילען פארענטווערען הערצל'ען, אז דעריבער איז ער מסכים צו שיקען איין עקספעדיציע קיין מזרח־אפריקא, ווייל ער קאן נישט אבזאגען דעם פארשלאג, וואס די ענגלישע רעגירונג האט אונז געמאכט, אבער באמת וויל הערצל זעלבסט גאר נישט מזרח־אפריקא. איך מיין אבער אנדערש, ווען הערצל וואלט געוואוסט, אז דער מזרח אפריקא־פראיעקט טויג נישט פאר אונזער פאלק וואלט ער עס געוויס באלד אבגעזאגט. ד"ר הערצל האלט דעם מזרח־אפריקא פלאן פאר זעהר א גוטען און דעריבער האט ער עס פאר דעם קאנגרעס פארגעטראגען. ערלויבט מיר אייך צו בעווייזען איינינע פונקטען, מיט וואס מזרח־אפריקא איז פאר אונז אזוי גוט און וויכטיג. ערשטענס האט עס פאר אונז א גרויסען פאליטישען ווערט, דען דורך דעם ווי איך האב שוין געזאגט, ווערד אונזער פאלק בעטראכט אלס נאציאן. צום ערשטענמאל האט מען נאך 1800 יאהר מיט אונז אנגעהויבען ווי מיט

א פאלק צו אונטערהאנדלען, דאס אליין איז שוין א גרויסער נצחון. ווען די יודישע קאלאניזאציע אין מזרח־אפריקא זאל געראטען, ווע עס זאלען זיך דארטען בעזעצען א מיליאן אדער אפילו א האלב מיליאן, וועט די יודישע לאגע אין די אנדערע לענדער אויך פאר־בעסערט ווערען, עס איז ניט קיין ספק, אז ביי אונז אין ענגלאנד, וואו עס קומען צו א מאסע יודישע עמיגראנטען, וועט די יודישע עקאנאמישע לאגע זעהר געדריקט ווערען; איז נישט בעסער, אז אנשטאט צו צו וואנדערען אין א פרעמד לאנד, וואו מען נעמט אונז נישט פריינד־ליך אויף, זאלען מיר בעסער וואנדערען אין א יודיש לאנד, אין יודישע קאלאניעס, וואס וועלען געגרינדעט ווערען אין מזרח אפריקא?

די וואס שרייען „אדער פאלעסטינא אדער גאר נישט" פארגע־סען, אז היינט איז די פראגע: אדער א האפנונג אויף פאלעסטינא אדער זיכערע עלענד און נויט און אז מיר וועלען בעקומען מזרח־אפריקא וועט עס אונזער פאלק אננעמען מיט שמחה. מען ווארפט אונז פאר, אז מיר קענען נישט לעבען אלס זעלבשטענדיג פאלק, מיר האבען אבער ביז היינט קיינמאל נישט געהאט די געלעגענהייט צו ווייזען די וועלט, אז מיר קענען לעבען ווי א פאלק, די געלעגענ־הייט וועט אונז מזרח־אפריקא געבען. מען זאגט, אז דעריבער דארף מען אונז נישט געבען פאלעסטינא, ווייל מיר וועלען דארטען זיך נישט קענען אויפפיהרען ווי א פאלק, אז מיר וועלען זיך ארומרייסען ביי די האר, אט לאמיר אננעמען דעם מזרח־אפריקא־פראיעקט און לאמיר ווייזען די וועלט, אז מיר קענען פיהרען א מדינה אזוי גוט ווי די בעלגיער און שווייצער. איך בין זיכער, אז ווען מיר וועלען בעווייזען די וועלט, אז מיר פארשטעהען זיך זעלבסט צו רעגירען, אז מיר פארשטעהען צו לעבען ווי מענשען, און נישט בעהאנדעלט צו ווערען ווי חיות, וועט די וועלט צו אונז קומען און זאגען: איצט קאן מען אייך שוין געטרויען פאלעסטינא. איך בין זיכער, אז גאט'ס לאנד וועט סוף כל סוף געהערען גאט'ס פאלק, איך זאג נישט, אז מיר וועלען עס מיט אונזערע אויגען זעהן, אפילו נישט דער יונגסטער פון אונז,

# פעליעטאָן.

## דער גן עדן.

— דעם אמת זאגענדיג, פארשטעה איך ניט ליבער ר' נחום, פאר וואס זענט איהר אזוי נעגען אוגאנדא, וואס ענגלאנד לייגט פאר אייער פאלק? איך האב געליינט די בעשרייבונג, חלעבען עס איז דארט אויס־געצייכענט! פאלמען־בוימער, דער ים און אפילו לעבעדיגע זשיראפען, א סך שענער ווי ביי אייך אין בערדיטשעוו, אונטערען טונקעל גרויען הימעל מיט דעם שיינעם טייך גניליאפיאטקע, וואו האלב איינוואהנער זענען פיסטע פאסניקעס פון גאר ניט האבען וואס צו טון און די איבע־ריגע וועלען אויך באלד גאר ניט האבען וואס צו טון. ווען איך זאל זיין א יוד וואלט איך זיך פאר אוגאנדא אנגעחאפט מיט הענט און פיס.

— איהר זענט אבער ניט קיין יוד, האט איהם געענטווערט דער אלטער ר' נחום.

איך בין ארומגעגאנגען איבער דעם צימער פון איין ווינקעל צום אנדערען מיט די הענט אין די קעשענעס און פאנטאזירט, דער אלטער ר' נחום איז געזעסען ביים טיש און געפיהרט נאך מיר מיט טרויריגע

טיעפע אויגען, וועלכע קוקען שוין אויף דער ווייסער וועלט צוויי און זיבעציג יאהר, ניט אנווערענדיג פון דעסטוועגען זייער גלאנץ און קלאר־קייט, וואס גאט האט איהם געשענקט נאך אין דער צייט, ווען ר' נחום איז אין זיין געבורטסשטעדטל שפאליע א בארוועס יונגעלע ארומגע־לאפען.

— איך אליין וואלט אין דעם פרייען שיינעם אוגאנדא געפאה־רען, עס איז זיך דארט א ריינער גן־עדן, האב איך ווייטער גערעדט — לאמיר פאהרען ר' נחום.

— מיינע שונאים זאל זיך אזוי וועלען לעבען ווי מיר ווילט זיך פאהרען.

איך האב ווידער גערעדט.

— איך האב געליינט אין די צייטונגען און ווייס, ר' נחום, אז פיעל פון אייך זעהען אין אוגאנדא עפּיס א מין פעלשונג געגען דער אידעע פון ציוניזם. נאר ערלויבט מיר אייך צו דערמאנען, אז אייער בעריהמטער און טאלענטפאלער דאקטאר הערצל האט אפען ערקלערט, אז אוגאנדא איז נאר א קרעטשמע פאר די יודען אויף דעם וועג קיין ציון. דיענט דען אפריקא דאס ערשטע מאל אלס וועג קיין ארץ ישראל? דערמאנט זיך אין יוסף'ן און אין דעם לאנד גושן.

— יונגער מאן! האט זיך אנגערופען ר' נחום, דאס לאנד גושן טראגט ביי אונז דעם נאמען מצרים, וואו מיר זענען געוועזען געפאנגענע,

אבער געהערען וועט עס ווען עס איז צו די יודען. ווי די ענטוויקלונג ווייזט אונז וועט מזרח-אפריקא מיט דער צייט האבען א גרויסע בעדייטונג. עס איז לייכט צו זעהן, אז ווען מיר זאלען זיך בעזעצען אין מזרח־אפריקא וועלען מיר דארטען האבען א גרויסע צאהל יודען, וועלכע וועלען מיט זייער פאטערלאנד פאלעסטינא אין פארבינדונג שטעהן. וואס וועלען זאגען די שפעטערע דורות אויף אונז, אז מיר האבען צוליב סענטימענטאלע נייגונגען נישט אנגענומען דעם מזרח־אפריקא־פראיעקט. זיי וועלען זאגען, מען האט אונזערע עלטערן אנגעבאטען א לאנד, וואס האט געקאנט בליהען אין גוטס און זיי האבען דאס משוגע׳נערווייז אבגעזאגט. מען רעדט, אז עס דארף זיין דיסציפלינע, אויב אזוי טא פאר וואס פאלגען מיר נישט אונזער אנפיהרער. איך מיין, אז אונזער אנפיהרער זעהט א סך ווייטער ווי אונזערע געגנערס און אז ער האט זיך ענטשלאסען פאר מזרח-אפריקא דארפען מיר איהם העלפען. איז ער אונזער פיהרער מוזען מיר זיך לאזען פון איהם פיהרען און איהם פאלגען. איך מוז דא זאגען א פאר ווערטער איבער דעם וואס איז אויף דעם קאנגרעס פארגעקומען. די מיטגלידער פון קאנגרעס האבען מסכים געוועזען, מען זאל שיקען איין עקספעדיציע, זיי האבען אבער פארצוימט דעם וועג, אויף וועלכען מען דארף פאהרען, דערמיט וואס זיי האבען בעשלאסען, מען זאל דערצו קיין איינציגע פרוטה נישט געבען, זוכט אייך געלד ערגעץ אנדערש! פון דעם נאציאנאל־פאנד־קאפיטאל רעד איך נישט, דערפון דארף מען נישט ריהרען, ווייל דאס איז געזאמעלט ספעציעל פאר פאלעסטינא, אבער די שקל־געלדער פאר וואס זאל מען דערצו נישט נעמען? יעדער וואס צאהלט א שקל ווייסט, אז מען האט בעשלאסען צו שיקען איין עקספעדיציע, מעג מען דעריבער נעמען צו דעם צוועק פון די שקל־געלדער.

ווי נאריש איז עס צו פארביטען דעם קאלאניאל־באנק, צו געבען געלד צו דעם צוועק. פון איצט רעד איך נישט, אבער, אז די עקספעדיציע וועט צוריק קומען און געפינען, אז דאס לאנד איז גוט צום קאלאניזירען, איז דאס איין עולה נישט צו לאזען מיט דעם באנק־געלד קיין זאך נישט טון. ווי זאל די קאמיסיע עפיס טון, אז מען גיט קיין געלד נישט? איך האב מורא, מיר וועלען דארפען ערגעץ אנדערש געלד נעמען און יענע וועלען אונז שטעלען אזוינע תנאים, וואס וועלען שאדען אסך דעם נאציאנאלען כאראקטער פון אונזער בעוועגונג. האט דער קאנגרעס בעשלאסען, מען זאל שיקען איין עקספעדיציע מוז זי אויך בעזארגען דאס געלד וואס איז דערצו נייטיג.

ה׳ גרינבערג ענדיגט זיין רעדע מיט די ווערטער: איך בין זיכער, אז די געגנערס פון פראיעקט וועלען זיך מישב זיין און וועלען מיט אונז געהן. זיי וועלען ניט מעהר קענען צוהערען די קרעכצען פון זייערע ארימע ברידער און וועלען זיי איינאיינעם מיט אונז העלפען.

די „וועלט״, וואו די דאזיגע רעדע איז געדרוקט, בעמערקט, אז דער אקציאנס־קאמיטעט שטימט נישט איין מיט די מיינונגען פון ה׳ גרינבערג.

---

# פאליטישע ענינים.

(גראף לאמסדארף אין פאריז. — דער צוועק פון זיין רייזע. — דער רוסישער און דייטשער קייזער אין וויסבאדען. — א מלחמה צווישען ענגלאנד און פראנקרייך. — דער סולטאן פראטעסטירט).

דער רוסישער מיניסטער דעס אייסערן גראף לאמסדארף איז געפאהרען קיין פאריז, וואו ער האט מיט דעם פראנצויזישען מיניסטער דעס אייסערן דעלקאסע וועגען וויכטיגע פאליטישע ענינים פארהאנדעלט.

די פריינדשאפט צווישען רוסלאנד און פראנקרייך האלט שוין זייט א פאר יאהר און אין די גאנצע צייט האט זיך נאך קיינמאל נישט געוויזען קיין שום סימן, אז די פריינדשאפט צווישען די ביידע רעגירונגען ווערד שוואכער, און דעריבער דארף מען נישט גלויבען די

---

נאט האט אונז ארויסגעפיהרט פון דעם געפענגעניש מצרים, פאר וואס זשע זאלען מיר נאך אמאל געהן צו די מצרים אין געפענגעניש?... און דאס וואס איהר זאגט מיר וועגען יוסף הצדיק האט ער אונז יודען איבערגעלאזט א צואה, אז אפילו זיין טויטען גוף זאלען מיר ניט איבערלאזען אין אפריקא... אט דאס איז געוועזען יוסף הצדיק! וואס מיינט איהר אייך? וואלט יוסף הצדיק געוואלט פאהרען מיט הערצלען קיין אפריקא? מ... ממ!...

— איך ווייס ניט צי וואלט יוסף געפאהרען נאר... אויף מיין ווארט ר׳ נחום, ווי אלע דערצייהלען איז אוגאנדא א גן־עדן! איין אמת׳ער גן־עדן!

- זאל זיין...

— און פאלעסטינא... נו, איך פארשטעה אייך, אז פון היסטארישען און פון אידעאלען שטאנדפונקט... נאר מען דארף אויך בערעכענען די מאטעריאלע, די פראקטישע זייט. פאלעסטינא איז שטיינער מיט זאמד, ווילדע בערג, פארלאזטע פעלדער, אויסגעטרוקענטע טייכלעך און וויניג וועלדער, היינט די ווילדע בעדואינען און פארשידענע שלאפקייטען, וואס די גרויסע היצען ברענגען דארטען פאלעסטינא איז ניט אין שטאנד צו האדעווען אלע יודען. ווען זיי זאלען אנהויבען עמיגרירען אין גרויסע מאסען אין פאלעסטינא וועט איהר דערשטיקט ווערען נאך מעהר ווי אין דער „טשערטא״, וואו איהר געפינט זיך איצטער. היינט איז נאך א גרויסע סברא צי די טערקען וועלען אסך יודען דארטען אריינלאזען און אפילו ווען די טערקען זאלען אייך יא אריינלאזען וועט איהר זיך ניט פיהלען אזוי זעלבשטענדיג ווי אין אוגאנדא אונטער דער הויפט־אויפזיכט ווי אזא געבילדעט פאלק ווי די ענגלענדער. פאלעסטינא קאן ניט בעסער מאכען די עקאנאמישע פראגע פון די צעזייעטע און צעשפרייטע יודען און אוגאנדא איז א גן־עדן!

ר׳ נחום האט אנידערגעשטעלט אויף מיר זיינע אויגען און געפרעגט:

— יונגער מאן! ווייסט איהר וואס איז אזוינס א גן־עדן?

איך האב א ביסל אטראכט געטאן און זיך מודה געוועזען:

— ניין, ר׳ נחום, איך ווייס ניט וואס איז אזוינס א גן־עדן.

— נו, הערט זשע מיך אויס א ביסל, וועל איך אייך דערצייהלען וואס דאס איז אזוינס א גן־עדן.

און ער האט אנגעהויבען דערצייהלען:

---

עס איז געוועזען און עס האט געלעבט איינער א גרויסער צדיק א תלמיד חכם, וואס האט אלע גאט׳ס געבאטען געקאנט אויסווייניג און זיי אלע מקיים געוועזען, אז גאט אליין האט אנגעקוועלט פון איהם. ווען דער גרויסער צדיק איז געשטארבען און געקומען אויף יענער וועלט, האט גאט געזאגט, אז אזא צדיק דארף ניט לײדען קיין חבוט

השערה פון איינגע צייטונגען, וואס זאגען, אז דער צוועק פון גראף לאמסדארפ'ס רייזע איז צו פארשטארקען די פריינדשאפט צווישען פראנקרייך און רוסלאנד, וואס איז די לעצטע צייט אביסל אבגעקיהלט געווארען. א ראיה, אז דער רוסישער קייזער איז געפאהרען קיין וויס־באדען, וואו ער האט זיך צוזאמענגעטראפען מיט דעם דייטשען קייזער; ווען רוסלאנד זאל נישט זיין זיכער מיט פראנקרייכ'ס פריינדשאפט און וואלט זיך באמת בעמיהט עס צו פארשטארקען, וואלט זי צו דייטשלאנד — פראנקרייכ'ס גרעסטער שונא — נישט געוויזען אזא פריינדשאפט. דאס בעווייזט אונז, אז די פריינדשאפט צווישען די ביידע רעגירונגען איז אזוי שטארק, אז אפילו דאס צוזאמענטרעפען אין וויסבאדען קאן איהר נישט אבשוואכען.

ריכטיגער איז שוין די מיינונג פון די וואס זאגען. אז דער צוועק פון לאמסדארפ'ס רייזע איז צו פארשטארקען דעם שלום אין איירָאפא, וועלכער שטעהט אין דער לעצטער צייט אין געפאהר א דאנק די מיהע פון דער ענגלישער פאליטיק סיי אין ווייטען מזרח — יאפאניע און חינא — סיי אין נאהנטען מזרח — טערקיי און בולגאריע.

ווי עס איז בעקאנט האט די ענגלישע רעגירונג געשלאסען א בונד מיט די יאפאנישע רעגירונג אויף דעם איינענעם אופן ווי רוס־לאנד האט געשלאסען מיט פראנקרייך. שטעלען מיר אונז פאר, אז עס בריכט אויס א מלחמה צווישען רוסלאנד און יאפאניע און דאס יאפאנישע חיל וועט שלאגען די רוסישע פלאטע, דארף די פראנ־צויזישע רעגירונג שיקען איהר חיל צו העלפען רוסלאנד, דען דאס איז איינער פון די פונקטען אין דעם רוסיש־פראנצויזישען בונד, אז ווען איינער פון די ביידע מלוכות וועט זיין שוואך אין דער מלחמה מוז די אנדערע איהר העלפען. געגען רוסלאנד און פראנקרייך איז יאפאניע שוואך און דעמסטמאל ווידער מוז ענגלאנד, אויך לויט דעם איינענעם איבערגערמאנטען פונקט, וואס געפינט זיך אויך צווישען דעם ענגליש־יאפאנישען בונד, שיקען איהר חיל צו העלפען יאפאניע און דעמסטמאל הייסט נישט נאר, אז פראנקרייך העלפט רוסלאנד, נאר זי האלט אויך מלחמה מיט ענגלאנד און אזא וועלט־מלחמה וויל רוסלאנד פארהיטען און לויט ווי די לעצטע ידיעות מעלדען, איז דעם גראף לאמסדארף געראטען, צוציהען פראנקרייך צו רוסלאנד און איינעם זיך בעמיהען נישט צו דערלאזען צו קיין מלחמה אויף דעם ווייטען מזרח און די מיהע פון די יאפאנישע „דזינגואיסטען" (וואס ווילען מלחמה) אונטערגעהעצט פון די ענגלענדער איז אומזיסט.

נישט ווייניגער ווי פון יאפאניע שוועבט א געפאהר איבער'ן שלום אין איירָאפא פון טערקיי. די טערקישע רעגירונג איז שטארק אומצופרידען פון די פונקטען, וואס רוסלאנד און עסטרייך האבען איהר פארגעלעגט וועגען די רעפארמען אין מאקעדאניע. דער סולטאן פראטעסטירט געגען דעם, וואס מען וויל צוזעצען צו חילמי פאשא, וואס איז אויפגענומען איינצופיהרען די רעפארמען אין מאקעדאניע, נאך צוויי אויפזעהערם — קריסטען איירָאפייער, ער בעטראכט עס אלס דעם ערשטען שריט זיך אריינצומישען אין די טערקישע אי־נערליכע פאליטיק. ער איז מסכים צו אלע רעפארמען און איז גרייט עס אויסצופיהרען, אבער אליין אליין, קיין איירָאפייאישע רעגירונג זאל זיך אין דעם נישט אריינמישען.

דער שטארקער טאן, מיט וועלכען דער סולטאן פראטעסטירט געגען די פונקטען, וואס רוסלאנד און עסטרייך האבען איהם פארגע־לעגט, בעווייזט, אז דער סולטאן ווייסט, אז מען וועט איהם בעהילפיג זיין, אויב מען וועט איהם וועלען צווינגען אנצונעמען די פונקטען. די הילף ערווארט ער, ווי עס איז לייכט צו פארשטעהן, פון ענגלאנד און ווידער קאן אויסברעכען איין אלגעמיינע איירָאפייאישע מלחמה. דאס צו פארהיטען איז געוועזען דער צוועק פון גראף לאמסדארפ'ס רייזע, דען אז די טערקישע רעגירונג וועט וויסען, אז פראנקרייך וועט אויך מיטהאלטען מיט רוסלאנד, און עסטרייך און דייטשלאנד וועט שטעהן פון דערווייטענס, וועט זי נאר מיט ענגלאנד'ס צוזאג אליין איהר צו העלפען נישט וואגען צו האלטען מלחמה, און אזוי וועט דער שלום אין איירָאפא געזיכערט זיין.

---

הקבר און איבער געהן די שבעה מרורי גיהנם ווי אלע אנדערע וואס קומען אויף יענער וועלט, אפילו די צדיקים, נאר אזא גרויסען צדיק זאל מען גלייך אריינלאזען אין גן עדן און גאט האט געשאפט: פיהרט איהם אין גן־עדן!

א מלאך האט גענומען דעם צדיק און איהם געפיהרט אין גן עדן און געזעהן האט פאר זיך דער גרויסער צדיק א לאנד, וואס דער שטויב איז דארטען טייערער פון גאלד און די ערד איז טייערער פון בריליאנטען. אויף די ביימער האבען געהאנגען וואונדערליכע פירות און אפילו די ניט צייטיגע פירות זענען זיך צעגאנגען אין מויל ווי טייערער מייד און פון די פארטיגע פרוכטען האט זיך געגאסען דער זאפט ווי טייערער וויין. פארשידענע ווילדע חיות האבען געלעבט מיט די מענ־שען אין בעסטען שלום און די פייגעל האבען געזונגען און פארשידע־נע בהמות האבען געמרוקעט קלוג, אפילו דער אייזעל אין גן־עדן איז געוועזען קליגער פון אלע חכמים אויף אונזער זינדיגער ערד.

איז געשטאנען דער גרויסער צדיק צווישען דעם אלעמען און געזונגען א לויב צו גאט. צו ביסלעך האט דער צדיק אנגעהויבען פיהלען ווי עס הויבט איהם אן הונגערן.

— שעם זיך נישט, האט זיך צו איהם געווענדט דער מלאך, ביים אָב א פרי און עס.

נאר דער צדיק האט געענטווערט:

— איך וועל שוין אביסעל צוווארטען, איך וויל ניט קאליע מאכען דעם אפעטיט. גאט האט אונז צוגעזאגט דעם גן־עדן־מיטאג פון דעם לויתן און פון דעם שור הבר. איך וויל פארזוכען זייער פיש און פלייש.

דער מלאך האט זיך זעהר פארוואונדערט און געפרעגט:

— וואס איז דאס פאר א לויתן מיט א שור הבר?

און נאך מעהר פון דעם מלאך האט זיך פארוואונדערט דער צדיק און ער האט אויסגעשריגען.

— ווי איז דאס געהערט געווארען? דו, מלאך, ווייסט ניט פון דעם לויתן, מיט וועלכען גאט שפיעלט זיך? דו ווייסט ניט פון דעם שור הבר, וואס עסט אויף יעדען טאג טויזענט בערג?

און דער מלאך האט דערויף געענטווערט:

— דאס ערשטע מאל הער איך וועגען זיי.

— אויב אזוי, האט געזאגט דער צדיק, הער זשע אוים און לערען זיך, דאס וועט דיר צונוץ קומען, ווייל, ווי איך האב באמערקט, ביזט דו גאר ניט קיין געלעהרענטער מלאך און ווייסט ניט, וואס אין די קליינע אותיות'לעך שטעהט. אלעס וואס גאט האט באשאפען האט ער בעשאפען אין זכרים און אין נקבות, אזוי האט ער אויך באשאפען א לויתן א זכר, וועלכער שווימט גלייך און א לויתן א נקבה, וועלכע איז איינגעדרעהט ווי א רינג, און ווען זיי זאלען זיך מעהרען און פרוכבארען

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— עדוארד דער זיבענטער, דער קעניג פון ענגלאנד, האט, לויט ווי די „בירמינג. פאסט" שרייבט, געשיקט א בריף צום דייטשען קייזער ווילהעלם דער צווייטער וועגען דעם וויזיט, וואס דער דייטשער קייזער וועט קירצליך מאכען אין ענגלאנד. בשעת דער דייטשער קייזער וועט זיין אין ענגלאנד וועט מען פארהאנדלען וועגען וויכטיגע פראגען, וואס זענען נוגע צו די ביידע רעגירונגען.

— פון קאנסטאנטינאפאל שרייבט מען, אז ווען די טערקישע רע־גירונג וועט נישט אויספיהרען די רעפארמען, וואס רוסלאנד און עסטרייך האבען איהר פארגעלעגט, וועט מען איהר דערצו צווינגען, און צווישען עסטרייך און רוסלאנד איז שוין אבגערעדט, מיט וואס מען זאל די טערקישע רעגירונג צווינגען.

— פון יאקאהאמא, א שטאדט אין יאפאניע, איז מען מודיע, אז 40 רוסישע סאלדאטען זענען דעם 23 אקטאבער אריין אין וויא און 200 מאן זענען אריבער דעם טומאן און זענען אריין אין קארייאישען גרענעץ.

— דאס חינעזישע מיליטער, וואס שטעהט אונטער די קאמאנדא פון גענעראל מא־יו־קויענא, איז אנגעפאלען אויף די רוסישע מיליטער, וואס שטעהט ביי שאנחיי גואנא און האבען געהרג׳עט פון זיי 21 מאן. אויף מא־גען איז אנגעקומען דער פארשטעהער פון דער שטאדט שאנחיי גואנא, צו מאכען וועגען דעם איין אונטערזוכונג.

— אין בראילאוו (קיעווער גוב.) האט מען געחאפט דעם מענשען, וואס האט שולד אין דעם אייזענבאהן־אומגליק, וואס האט פאסירט אויף דער סט. זשמערינקא. דאס איז א יוד, וואס האט בסוד געהאנדעלט מיט פולווער, ער אליין האט זיך אויך פארברענט א האנט ביי דעם אומגליק. פון 64 פארוואונדעטע זענען שוין 5 געשטאר־בען. ביי א טייל זענען אויסגעברענט די אויגען, א העלפט וועלען בלייבען אדער בלינד אדער אנדערע קאליקעס.

— די שטאדט טארשיס אין פערסיע איז כמעט אין גאנצען חרוב געווארען דורך איין ערדציטערניש. כמעט 35 טויזענט מענשען זענען נע׳הרג׳עט געווארען.

— לויט די ידיעות פון דער רוסישער רעגירונג געפינט זיך איצט אין אדעסא 30 מיליאן פוד תבואה. ווייץ אליין געפינט זיך ביז 21 מיליאן פוד.

— דעם 20 אקטאבער איז אין שארלאטענבורג ביי בערלין גע־שטארבען דער בעוואוסטער פראפעסאר טהעאדאר מאמזען צו 86 יאהר. דער פארשטארבענער פראפעסאר איז געוועזען איינער פון די גרעסטע געלעהרנטע און איבערהויפט אין די היסטאריע פון די רעמער. ער האט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיין ליבע צו יודען און האט פיעל געשריבען גוטעס וועגען זיי.

— די לאגע פון די בורען אין טראנסוואל איז שרעקליך. פיעל בורען, וואס זענען פאר דער מלחמה געוועזען רייכע בעלי הבתים, געהען איצט א־ום אין די הייזער בעטלען, פיעל שטארבען פשוט פון הונגער. מחמת דעם הונגער זענען אויסגעבראכען פארשידענע קראנק־הייטען.

— אין דעם נייעם קליניק־אינסטיטוט, וואס איז געבויט געווארען אין פעטערסבורג, האט מען איינגעארדענט א גרויסען מוזיק־ארגאן, פון וועלכען עס געהען א־רויס רייהרען אין די צימערען, וואו די קראנקע ליגען און יעדער קראנקער, וואס וויל הערען מוזיק, קאן זיך צו לעגען צום אויהר א רייהר, וואס גרייכט ביז זיין בעט און הערען. אויך איז אין דעם איינענעם קליניק דא ביי יעדען בעט א טעלעפאן, דורך וועלכען דער קראנקער קאן רופען יעדע צייט א דאקטאר אדער א בעדיענטען.

— אין וואטיקאן (דער פאלאץ וואו דער פאפסט וואהנט) איז געוועזען א שרפה. ביים איינלעשען דאס פייער האבען די „פאזשארנע" פון דער איטאליענישער רעגירונג געהאלפען זעהר פיעל מציל צו זיין די אלטע פאפירען און ספרים, וואס געפינען זיך אין דעם ארכיוו פונ׳ם וואטיקאן.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די אויסוואנדערונג פון קישינוב ווערד אלץ שטאר־קער. דאס רוב עמיגרירען ארימעלייט, קליינע סוחרים און בעלי מלאכות.

— זונטאג י״א חשון האט מען אין האמעל מקבר געווען די ספרי תורות, וואס זענען בשעת די אונרוהען צעריסען געווארען. צו דער לויה זענען געגאנגען איין עולם פון 2000 יודען.

— אין קישינוב איז געוועהלט געווארען צום שטאדט „גאלאוואי"

---

וואלטען זיי א תל געמאכט פון דער וועלט. וואס זשע האט נאט גע־טאן? האט ער דעם לויתנ׳ם „זי" געקוילעט און איינגעזאלצען אויף דער גרויסער סעודה, וואס ער וועט מאכען פאר די צדיקים און די „זי" פון דעם שור הבר האט ער געמאכט פאר איין עקרה און האלט זיי אויך פאר דער גרויסער סעודה, וואס ער וועט מאכען פאר די צדיקים. אויף דער סעודה וועט מען אויך געבען די צדיקים טרינקען פון דעם יין המשומר, וועלכען מען האלט פאר די צדיקים זייט די וועלט איז בעשאפען געווארען. אזוי שרייבט רב לוי, רב יהודה, רב משה בר נחמן, דער אברבנאל, רש״י און נאך אנדערע תלמידי חכמים.

נאר דער מלאך האט א שמייכל געטאן און געזאגט.

— דאס איז אלץ מעשיות, וואס מען דערציילט ביי אייך אויף דער זינדיגער ערד, מיין ליבער פריינד, גלויב מיר, אז אין גן־עדן איז ניט דא קיין שום לויתן און קיין שור הבר. שוין זשע, דו חכם איינער, מיינסטו טאקי, אז גאט קאן ניט בעלוינען זיינע צדיקים מיט עפים בעסערם ווי מיט אלטע געזאלצען פיש און פלייש און מיט וויין, וואס איז שוין פון אלטקייט געווארען זויערע־ עסיג? פארגעס אין דיין לויתן מיט דעם שור הבר, קוק זיך ארום און זעה ווי אלעס איז דא אזוי שען, פארזוך די טייערע פירות און גיב א לויב צו גאט דערפאר, וואס ער האט דיר ערלויבט אריינצוקומען אהער.

נאר דער גרויסער צדיק האט זיך ביטער צעוויינט און געזאגט דעם מלאך:

— פיהר מיך אוועק פון דאנען! איך וויל דא ניט בלייבען!

— דו ביזט ביי דיין שכל? האט געזאגט דער מלאך — פון זינט די וועלט שטעהט האט נאך קיינער פון דעם פארגעניגען אין דעם גן עדן ניט געוואלט אוועקגעהן.

דער צדיק האט געענטווערט.

— פון דעם פארגעניגען אין גן עדן זאג איך זיך אויך ניט אב, נאר דאס ארט, ווי אהין די האסט מיך איצטער געבראכט, איז ניט קיין גן עדן, ווייל דא איז ניט דא קיין לויתן און קיין שור הבר!

דער מלאך האט ווידער געזאגט:

— א לויתן מיט א שור הבר איז קיין מאל ניט געוועזען.

— עס קאן ניט זיין, האט דער צדיק גע׳טענה׳ט.

— נאר אז איך, מלאך, זאג דיר? האט אויסגעשריגען דער מלאך.

— עס קאן ניט זיין! — האט גע׳טענה׳ט ויינס דער צדיק — ווייל שוין זייט טויזענטער יאהר, אז גאט האט זיי צוגעזאגט זיין פאלק און ווען מיר האבען געהונגערט און געדארשט אויף דער ערד, האבען מיר איבערגעליטען דעם הונגער און דארשט, זיך געשטארקט אין דער

ד"ר סיצינסקי, א שוואגער פון דעם פארינגען גאלאווא שמידט, וועלכער איז שטענדיג גוט געוועזען די יודען.

— דער מאהליווער גובערנאטאר האט זיך געווענדט מיט א בקשה, צום מיניסטער דעם אינערן, מען זאל ערלויבען צו קלויבען נדבות פאר די נשרפים פון קראסנאפאליע און צו ערלויבען די יודישע נשרפים צו וואהנען א חודש אין די דערפער וואס ארום שטאדט.

— די צאהל נדבות פאר די האמלער ארימע יודען ווערד גרעסער, עס האט שוין דערגרייכט ביז 60,000 רובל, דאס הייסט א העלפט פון זייער שאדען. אסך יודען הויבען אן פון האמעל אויסצוואנדערען. בעלי מלאכות געהען קיין דרום רוסלאנד.

— אין דער ווארשעווער היגיענישער געזעלשאפט גרינדעט זיך א בעזונדער אבטיילונג, וואס וועט זיך פארנעמען מיט פארברייטען ריינליכקייט און היגיענע צווישען די יודען.

— דער מ"ע אין פאלטאווא איז זיך משתדל אין פעטערסבורג צו בעקומען איין ערלויבניש ארויס צוגעבען זיין מאנאטס־בלאט "הפלס", אלס טאג־בלאט אין רוסלאנד. דאס בלאט ווערד איצט געדרוקט אין דייטשלאנד.

— פון לאדז שרייבט מען, אז צו די רבנים־אספה, וואס וועט זיין אין גראדנא, זענען פון די פוילישע גאר 8 איינגעלאדען געווארען. אין נאמען פון דעם לאדזער רב איז מען מבטיח, אז פון דעם ציוניזם וועט נישט גערעדט ווערען.

— דאנערשטאג ח' חשון איז אין ווילנא געשטארבען ר' הלל נח שטיינשניידער, וועלכער האט געשריבען איינינע ספרים און פיעל מאמרים אין העברייאיש פון דער ליטווישער יודישער געשיכטע.

**דייטשלאנד.** ד"ר פאול נאטהנזאהן אוים בערלין האט אויף דער לעצטער פארזאמלונג, וואס איז געוועזען ביי דעם "הילפס־פעראיין פון די דייטשע יודען", מודיע געוועזען אין זיין רעדע, וואס ער האט געהאלטען, אז דער פעראיין האט מנדב געוועזען פאר די ארימע יודען אין האמעל 55,000 מארק. אויך האבען צו דעם איינענעם צוועק מנדב געווען: די אבטיילונג "בני ברית" אין דייטשלאנד 8,000 מארק, דער פראנקפורטער פעראיין צו שטיצען די יודען פון מזרח־אייראפא 10,000 מארק, די וויענער אליאנץ 5,000 רובל און איינינע פעראיינען אין לאנדאן 20,000 מארק.

— אין דעם לעהרער־אינסטיטוט, וואס די חברה "עזרה" אין דייטשלאנד האט בעשלאסען צו גרינדען אין ירושלים, וועלען די לעהרער זיך מוזען אויסלערנען צו לערנען מיט זייערע תלמידים אלע וויסענשאפטען אויף העברייאיש.

**ענגלאנד.** אויף א פארזאמלונג, וואס איז געוועזען ביי דער חברה אגודת־אחים אין לאנדאן, האט דער ד"ר אדלער געזאגט, אז ווי עס ווייזט אוים וועט מען היינטיגעם יאהר אויך נישט רופען דעם רומענישען געזאנדטען צום באנקעט, וואס דער לארד־מער וועט מאכען, חאטש דער היינטיגער לארד־מער איז נישט מעהר קיין יוד. נאר א קריסט. דערמיט דריקט די ענגלישער רעגירונג אוים א פראטעסט געגען רומעניע, ווייל זי בעהאנדעלט אזוי שלעכט די יודען.

**פראנקרייך.** דרייפוס פריינד האבען איהם נישט לאנג איינגעלאדען ער זאל מיט זיי פאהרען אויף דער יאגד. דרייפוס אבער האט די איינלאדונג נישט אנגענומען, ווייל דער קריגס־מיניסטער האט איהם געבעטען, ער זאל בלייבען אין פאריז צוליב די אונטערזוכונג פון זיין משפט.

**אמעריקא.** דעם היינטיגען שמיני עצרת איז אין פילאדעלפיע געשטארבען דער דארטיגער ראבינער ד"ר מרדכי יאסטראוו צו 74 יאהר. דער פארשטארבענער איז אין די יונגע יאהרען געוועזען פרעדיגער אין דער ווארשעווער יודישער געמיינדע, שפעטער איז ער געוועזען רב אין מאנהיים און דערנאך אין דא־משטאדט, אין 1868 איז ער געווארען ראבינער אין פילאדעלפיע ביז דעם יאהר 1892. ער האט געשריבען פיעל ספרים אויף פויליש, דייטש און ענגליש און אויך געווען דער אויבער־רעדאקטאר אין דער תלמודישער אבטיילונג אין די יודישע ענציקלאפעדיע אויף ענגליש.

**אפריקא.** פון יאהאניסבורג שרייבט מען, אז ד"ר הערצל האט נישט אנגענומען דעם פארשלאג צו נעמען צו דער מזרח־אפריקא־עקספעדיציע פון די דרום־אפריקאנישע יודען.

**ארץ ישראל.** דער אדעסער קאמיטעט "צו שטיצען די קאלאניסטען און בעלי מלאכה אין פאלעסטינא" האט בעשטימט צעהן טויזענט פראנק אויף צו פארבעסערען דעם צושטאנד פון די בעלי מלאכות אין ירושלים.

— אין ירושלים איז געגרינדעט געווארען א חברה פון 25 מענשען,

---

אמונה און אבגעהיט זיין געבאט מיט דער האפענונג, אז גאט וועט אונז בעלוינען און אונז געבען פארזוכען פון דעם לויתן און פון דעם שור הבר.

— הער נאר! — האט געזאגט דער מלאך — איך שווער דיר, אז די דאזיגע גן־עדן פירות זענען בעטעמ'טער פון דיינע געזאלצענע דארע פיש, וואס די רופסט אן לויתן און אט דער מייד, וואס גיסט זיך פון די גן־עדן־בוימער, זענען א סך זיסער ווי דיין זויערער עסיג, וואס דו דארשט אזוי מען זאל דיר געבען טרינקען. בארעכען זיך, ווי ארים וואלט אויסגעזעהן דיין סעודה, וואס דיר גליסט אזוי, אין א לאנד, וואו אפילו די ערד בלישטשעט ווי א ברילאנט אין א גילדענער רייס.

— וואס האב איך דערפון? האט געענטווערט דער צדיק, האב איך דען געזוכט א גן עדן פון ברילאנטען מיט בעטעמטע שפייזען? זאל אפילו די פיש פון לויתן זיין דאר ווי א פארעשווע, נאר גאט האט מיר צוגעזאגט פיש פון דעם לויתן, וואס געפינט זיך אין גן עדן, איך האב געגלויבט און געהאפט, אז איך וועל באקומען אין גן עדן לויתן — מוז איך האבען מיין לויתן! זאל דער וויין פון יין המשומר זיין זויער ווי עסיג און ציפען מיין נימען ווי צענאסענער בליי, נאר מיר האט מען צוגעזאגט יין המשומר, איך האב געגלויבט און געהאפט, אז איך וועל איהם טרינקען און איך מוז טרינקען מיין וויין, וואס מען האלט איהם פון זייט די וועלט איז בעשאפען. ווען אבער אנדערש — איז דאס נים קיין גן עדן. א גן עדן איז דארטען וואו מען איז מקיים אלעס אויף וואס דער מענש האט געהאפט און אין וואס ער האט געגלויבט. דארט, וואו מען איז נים מקיים, איז נים דא קיין פארגעניגען! דאס בעסטע איז נים דאס וואס מען גיט דעם מענשען צו ליב, נאר דאס וואס ער פארדיענט און עס קומט איהם לויט זיין רעכט. עסענדיג די בעטעמ'טעסטע פירות, וועל איך בענקען נאך די געזאלצענע פיש פון לויתן, ווייל ער איז מיינער און מען האט איהם נים געגעבען מיר צו טרינקען! זאל זיין, אז דא איז א גן עדן, נאר נים אזא גן עדן האב איך געגלויבט נים א הער האב איך זיך געצויגען! לאז מיך אוועקגעהן פון דאנען, איך וויל נים זיין אין קיין פרעמדען גן עדן! אדער ווייז מיר מיין גן עדן אדער פיהר מיך אין גהינם.

ווען דער מלאך האט אויסגעהערט די ווערטער פון דעם צדיק האט ער אנגעהויבען שטראהלען פון שמחה און געזאגט:

— די ביזט גערעכט, גרויסער צדיק, וואס די האסט אזוי שטארק געגלויבט אין גאט'ס געבאט, וואס ער האט געגעבען זיין פאלק ישראל, בערוהיג זיך: דאס איז נאר געוועזען פאר דיר א פרוואונג, צי דיין שטארקע אמונה פארדיענט דעם גן עדן. דאס שיינע ארט, וואס די זעהסט איצטער, איז נאר א פארהויז פון דעם גן עדן. אט איצטער וועלען מיר ערשט געהן אין גן עדן אריין! געה אריין און איבערצייג זיך, אז גאט נארט נים אב זיינע צדיקים; אין וואס יעדער גלויבט אזא גן עדן עפענט ער פאר איהם.

וואס ווילען זיך קאלאניזירען. יעדער חבר לעגט איין 2000 פראנק. דער אדעסער קאמיטעט וועט זיי אויסלייהען 25,000 פראנק און מען רעכענט, אז יק"א וועט זיי אויך לייהען א געוויסע סומע.

---

# יודישע באסיאקעס אין לאנדאן.

יודישע „באסיאקעס" — ווי ניט יודישליך קלינגט דאס און דאך מיר האבען זיי — פאר וואס ניט זאגען דעם אמת?

די יודען אין לאנדאנער „ווייטשעפעל" בערימען זיך מיט רעכט, אז פון דער צייט אן, וואס זיי האלטען זיך דארט אויף, איז די געגענד זיכער געווארען. פריהער פלעגט מען אין געוויסע געסלעך פון „ווייטשעפעל" אויך ביי טאג מורא האבען פארביי צו געהן און איצט קאן מען אהן פחד אויך ביי נאכט דארט שפאצירען. מען ראבעוועט ניט, מען גנב'עט ניט און מען פארגוואלטיגט קיין פרויען ניט.

נאר עס האבען זיך אין לאנדאן, טאקי אין יענער יודישער געגענד, אויסגעבילדעט אזעלכע יודישע חברות, וועלכע ווארפען א מורא אויף טויזענטער מענשען און אפילו אויף פאליציי אויך.

ווי קיין אמעריקא אזוי אויך קומען קיין לאנדאן געבען יענע ארימע טויזענטע יודישע עמיגראנטען, וואס זוכען ארבייט, כדי דאס לעבען צו דערהאלטען, אויך אזעלכע נפשות, וואס האבען געמוזט א דאנק זייערע שמוציגע מעשים אוועק פון דער היים, — טייל „גרויסע" גנבים, טייל ארעסטאנטען, טייל געפעהרליכע קארטען־שפיעלער א. ד. ג., פאר וועלכע די „טשערטא" איז שוין געווארען צו ענג — חאפען זיך אריבער קיין לאנדאן אדער ניו־יארק, און זיי הייבען אן „מאכען א לעבען" אויף זייער שטייגער.

נישט־קשה, מיר דארפען ניט אלעס פארדעקען, פארשטעקען. צווישען מיליאנען יודען, וועלכע לעבען אין אזא ביטערער נויט, מוזען זיך געפינען אביסל רעכט פינסטערע נפשות.

די דאזיגע נפשות, קומענדיג אין דער ריזען־שטאדט לאנדאן, פארלירען זיי זיך. זיי זוכען אב דערפאר קודם־כל די יודישע געגענד, וואו זיי פיהלען זיך, ווי אין דער היים. באלד דערוויסען זיי זיך, אז גנב'ענען אין לאנדאן איז א ביטערער עסק. די פאליציי האט דארט צו שארפע אויגען און די ריכטער בעשטראפען שטארק פאר יעדער קלייניגקייט דעם געחאפטען גנב. דערפאר וועט איהר דא ניט געפינען פיעל אזעלכע, וואס „מאכען א לעבען" נאר פון גנבות. — וואס זשע טוען זיי אבער פארט? לעבען מוז מען אבער דאך! נו איז דאך דא א כלל אין לעבען, אז „אחדות מאכט שטארק" און אונזערע לייט גרינדען חברות טאקי אין פשוט'ען זינען פונ'ם ווארט. אזעלכע „יודישע" חברות זענען פאראן עטליכע אין ווייטשעפעל. עס איז פאראן איין אדעסער חברה, א רומענישע חברה, חייקעלס חברה און נאך אזוינע. ווי איהר זעהט ווערען די חברות אנגערופען אדער נאך דער שטאדט, אדער נאך דעם לאנד, פון וואנען די לייט קומען, אדער נאכ'ן נאמען פונ'ם גרעסטען העלד, פונ'ם גרינדער. איינע פון די וויכטיגסטע חברות איז די „בעסאראבער".

מיט דער דאזיגער חברה האב איך געהאט דאס גליק זיך נעהנטער צו בעקענען. ניט יעדער קאן האבען אזא זכיה. איך האב דארט א צד אין משפחה... איך האב דארט געפונען מייגעם א לאנדס־מאן, אפילו ניט קיין בעסאראבער, און דער דאזיגער חברה־מאן האט מיך שוין „איינגעפיהרט".

די הויפט־ארבייט פון אזוינע חברות בעשטעהט אין קארטען־שפיעלען, שכור'ן און עסקים מיט נקבות. כמעט יעדער האט זיך זיין איינגען גאסען־מיידל אויף א צייט, אזוי לאנג ער צעקריגט זיך ניט מיט איהר. דאס מיידל זיינס געהט אויף דער גאס „פארדיענען" און דערפון דערנעהרט זי זיך און איהם, איהר בעשיצער. זי קליידט איהם און קעכעלט איהם ווי א „געליבטען מאן". ער האט דאס מארא־לישע רעכט זי צו שלאגען, אויב זי פארדיענט ניט גענוג געלד... און זי טראגט אלעס פון איהם געדולדיג איבער, ווארום עס איז פאר

---

און ווען דער גרויסער צדיק איז אריין אין גן עדן האט ער גע־זעהן אלעס, אין וואס ער האט געגלויבט: ווי גאט שפיעלט זיך מיט דעם לויתן און דעם שור הבר, וואס עסט אויף טויזענט בערג און דעם צאפען פון וועלכען עס גיסט זיך דער יין המשומר...

---

— פארשטעהט איהר שוין יונגערמאן? האט מיך געפרעגט דער אלטער ר' נחום נאך דעם ווי ער האט געענדיגט זיין מעשה, וואס איז אזוינס א גן עדן.

— איך פארשטעה, ר' נחום!

ר' נחום איז אויפגעהאפט פון זיין ארט. א הויכער, נאר איינגע־הויקערט פון אלטקייט מיט א טרעסעלדיגער באר'ד, האט מיט ביידע הענט זיך א קלאפ געטאן אין זיין איינגעפאלענער ברוסט.

— א גן עדן איז דארטען, וואו עס ווערד מקוים די אמונה! זאלען דארטען די זשיראפען זיך שפאצירען! וואס איז מיר אוגאנדא, אז איך זוך ציון? איז דען אפריקא—כנען? איז דען אוגאנדא—ירושלים? אויב איינער אזא הערצל איז בכח צוזאמען קלויבען דאס פאלק ישראל קיין ציון, בין איך זיין מענש. ווען אבער הערצל האט ניט קיין קרעפטען פאר ציון, וועל איך איהם זאגען: „הער דאקטאר הערצל! טוט מיר, איך בעט אייך, א געניידיגקייט און לאזט איבער דעם אלטען ר' נחומ'ען צורוה אין בערדיטשוב".

ער האט זיך פריינדליך מיט מיר געזעגענט און אוועקגעהנדיג האט ער געשעפטשעט: אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני!

זאל מיין רעכטע האנט אבדארען,
זאל מיין צונג צים נימען קלעבען,
און איך זאל ניט קענען רעדען, —
אויב איך וועל, ירושלים,
דיך פארגעסען ווען אין לעבען,
ניט דערמאנען דיך אין פריידען...

איך בין געזעסען אליין און געטראכט: אוגאנדא קאן ניט פאר־בייטען ציון. א גן עדן קאן ניט אויפבליהען דארט, וואו עס ווערד פאר־וויאלעט איין אידעאל...

אויס דעם רוסישען איבערזעצט פון

א.—ב.



איהר בעסער פון איינעם אלע צרות אויסצולײדען איידער פון עטליכע, וואס זי קאן זיך אויף זייער יושר ניט פארלאזען. האט זי איינעם, וועלכען זי האדעוועט אזוי, איז ער באמת איהר בעשיצער. ער בעהאלט זיך אין א צווייטען צימער, און ווי באלד נאר דער „גאסט" פארהאלט זיך ניט עהרליך, מאכט מינעם ניט צו בעצאהלען, אזוי שפרינגט ער ווי פון דער ערד ארויס און דער גאסט איז שוין דאן צופרידען, אז ער בלייבט לעבעדיג. יעדע גאסען־מיידל אין לאנדאן מוז זיך האבען אזא מין בעשיצער, אויב זי וויל „עקסיסטירען" און ווייל זי מוז איהם האבען, אזוי מוז זי פון איהם אויסשטעהן אלע זיינע קאפריזען.

נאר פון די מיידלעך אליין קאנען אונזערע חברה־לייט ניט אויסקומען. ניט „מיט ברויט אליין לעבט דער מענש". קארטען־שפיעלען און שכור'ען קאסט פיעל געלד. איז טאקי פאראן נאך א וויכטיגע געלד־קוועלע.

אין לאנדאן זענען פאראן יודישע „יוניאנס"; דאס זענען אזעלכע ארבייטער־ארגאניזאציעס, וועלכע האבען דעם צוועק די ארבייטער (די „יוניאן"־לייט) צו שיצען פון די ארבייט־געבער, אזוי אז די לעצטע זאלען ניט צופיעל עקספלואטירען, ניט צופיעל די ארבייטער טרעטען מיט די פיס. א דאנק פיעל סבות, פון וועלכע די רעדע קאן דא ניט זיין, זענען די יוניאנס זעהר שוואך ארגאניזירט, אזוי, אז זיי קאנען ניט גענוג שיצען די מיטגלידער זייערע. און אט מאכט זיך ניט זעלטען ווען די מייסטער בעגעהען זיך שלעכט מיט די ארבייטער, בעגעהען זיך מיט גרויס אונרעכט און דער ארבייטער איז צו שוואך אליין זיך צו שיצען — די „יוניאן" קאן איהם אויך ניט פיעל העלפען — אזוי ווענדט ער זיך צו אזא מין חברה, וועלכע העלפט איהם אין אמת'ן.

פארגליסט זיך א מייסטער פלוצלינג אהן א שום סבה איין ארבייטער אבצוזאגען פון ארבייט, אזוי בעצאהלט דער ארבייטער א פונט־צוויי (א פונט שטערלינג איז 9,50 רובל בערך.) און א פאר חברה־לייט פוילען זיך ניט און געהען צום מייסטער, פון וועלכען זיי פערלאנגען מיט'ן „הארטען ווארט" צוריק דעם ארבייטער צו בעשעפטיגען. העלפט ניט דאס „הארטע ווארט" אזוי העלפען די „הארטע הענט" און ניט נאר דער מייסטער, נאר אויך יענע ארבייטער, וועלכע האבען חשק אוועקצונעמען דעם פרייען פלאץ פונ'ם אבגעזאגטען ארבייטער, פיהלען אויף זיך יענע „הארטע הענט". זעהר אפט מוז דער מייסטער נאכגעבען און דער נייער ארבייטער מוז אוועקגעהן. איין עצה העלפט זיי אבער אמאל: דער מייסטער און דער נייער ארבייטער בעצאהלען נאך מעהר, מען מאכט מיט די „חברה־לייט" א כוסה און ש—שא! די חברה־לייט זענען צופרידען; זיי האבען פון ביידע צדדים בעצאהלט בעקומען און זיי מישען זיך ניט מעהר.

אי, יושר?! — מילא, מעגט איהר האבען טענות.

און הונדערטער מייסטערלעך שרעקען זיך פאר די דאזיגע חברות. צונעמענדיג א נייעם ארבייטער פרעגט דער מייסטער אפט, צי איז ער ניט פון בעסאראביע אדער נאהנטע געגענדען?!

פאר אונזערע חברה־לייט איז נאך א וויכטיגע געלד־קוועלע פאראן. וויל איינער דעם צווייטען אנהרג'ענען, זיך נוקם זיין אין איהם, אזוי ווענדט ער זיך צו דער „בעסאראבער חברה" און דארט קריגט ער פאר געלד אלעס.

די חברה האט זיך איהר „כשר"־רעסטאראנט אין איינע פון די שמוציגסטע געסלעך. דארט עסט מען צוזאמען, מען שכור'ט און מען שפיעלט דורך די נעכט אין קארטען. דערביי קומען אפט קלענערע און גרעסערע שלעגערייען פאר, וועלכע ענדיגען אפט מיט צע־שפאלטענע קעפ. דאס אלעס איז אבער מיט חסד. די ווירקליכע „לייטישע" שלעגערייען קומען פאר צווישען איין חברה מיט דער אנדערער. די סבות, וואס רופען ארויס אזעלכע שלעגערייען, זענען פארשידען. אמאל א מיידל, אמאל איין „ארבייטער־פראגע" א. ד. ג.

אזוינע שלעגערייען זענען זעהר אפט שרעקליך. פלאשען פליהען אין קאפ, אויהרען ווערען אבגעריסען, נעז אבגעביסען און שארפע שפיציגע מעסער פארקריכען אפט גאנץ טיעף אין בויך, אין דער ברוסט אדער אין האלז.

ניט איין מאל ווערען מאנכע חברה־לייט פארמשפט צו „הארט־לייבער" (א מין קאטארגא), אנדערע צו „פריזאן" (אסטראג), עס העלפט אבער גאר ניט. די שלעגערייען הערען ניט אויף און ניט איינמאל ענדיגען זיך אזעלכע מיט א פאר הרוגים.

און די דארטיגע אנטיסעמיטישע צייטונגען האבען דערפון גרויס פארגניגען. זיי דערצייהלען ניט פון א הריגה, וואס איז גע־שעהן דא אדער דארט, נאר זיי שרייען פון יודישער מערדעריי! דאס ווארט „יודען" ווערד מיט גרויסע און פעטע בוכשטאבען אבגעדרוקט און מען זוכט, מען קלערט אויס אלערליי מיטעל כדי דער־פון צו מאכען א „יודענפראגע".

און יענע חברות טוען זיך אבער ווייטער זייערס. זיי ווארפען א שרעק אויף גאנץ מזרח־לאנדאן. אפילו די פאליציי ציטערט פאר זיי. זי וויל ניט אויף זיך אויספריווען די „הארטע" הענט און די שארפע מעסער פון יענע חברה־לייט.

כדי איהר זאלט בעגרייפען דאס פארהאלטען זיך פון דער פאליציי ביי אזעלכע שלעגערייען מוזט איהר אייך בעקענען מיט דעם דאזיגען היגען מנהג: דא האט יעדער מענש, אויך די פרוי און דאס קינד, דאס רעכט זיך צו „פייטען" מיט א צווייטען עפענטליך אויף דער גאס. „פייטען" זיך הייסט פשוט, זיך שלאגען, זיך פריווען ווער עס איז שטארקער. ביי אזא מין „פייט" (וואס קומט דא זעהר אפט פאר), אזוי לאנג מען בענוצט דערביי נאר די הענט (ד. ה. קיין געוועהר, קיין שטעקען אדער מעסער), האט די פאליציי קיין שום רעכט ניט זיך אריינצומישען. איהר זעהט דא ווי צוויי מענשען (אויך קינדער און פרויען) שלאגען זיך שעות לאנג, נעבען זיי שטעהען הונדערטער מענשען, פיעל פאליציסטען, איהר קאנט ניט צוקוקען ווי אזוי מען דערלאזט צו אזעלכע סצענעס — איהר מוזט אבער שווייגען, אלע מוזען שווייגען, די פאליציי מוז שווייגען און נאר זעהן צי שלאגט מען זיך נאך אלע פאראגראפען פון דער וויסענשאפט.

די וואס שלאגען זיך, זעהען, פיהלען ווי דאס רעדל ארום זיי ווערד וואס אמאל גרעסער און גרעסער ביז עס זאמעלט זיך אן א סך מענשען, זיי פיהלען ווי אלעמענס אויגען קוקען אויף זיי און זיי געבען זיך די גרעסטע מיה דאס שלעגעריי צו פארלענגערען.

איהר קאָנט שוין איצט פאַרשטעהן, אַז ווי באַלד אַזאַ מין „פייט" קומט פאָר אין דער פינסטער, אין אַ זייטיגער גאַס, אַזוי ווערען געוועהנליך אויך מעסער אָנגעווענדעט נאָך איידער די פּאָליציי בעמערקט.

שרעקליך, זעהר שרעקליך ווערען די געשלעגערייען ווען זיי קומען פאָר צווישען איין חברה און דער אַנדערער. דענסטמאָל זוכט די פּאָליציי (אויב זי איז ניט שטאַרק אין צאָהל אין יענעם געגענד) אויסצומיידען די ערטער.

מען דאַרף אָבער וויסען, אַז ניט די יודישע חברות, ניט די בעסאַראַבער, למשל, האָבען אין לאָנדאָן איינגעפיהרט דיעזע אַרט פון שלעגערייען. דאָס האָבען זיי אין לאָנדאָן גופא דערלערנט און אַלס „פעהיגע" מענשען האָבען זיי זיך גיך אויסגעלערנט און זיך אָרגאַניזירט.

און מיינט ניט אַז די חברה (די בעסאַראַבער) נעמט אָן יעדען גנב, שכּור אָדער קאָרטען-שפּיעלער. ניין! איך קען איינעם, אַ „בע-ריהמטען" גנב פון דער היים, אַ געוועזענער אַרעסטאַנט, אַ הויכער, אַ ברייטער, געזונטער מאַן מיט בלוטיגע אויגען; בקצור: אַ „קלאַסי-שער" נפש, פונקט פאַר אַזאַ מין „חברה" און דאָך האָט מען איהם ניט געוואָלט אויפנעמען; ער קאָן זיך ניט געשיקט „פייטען".

* * *

צו זאָגען, אַז אונזערע חברות זענען פאַר אונז אַ שאַנדפלעק איז איבּריג. צו בעשולדיגען דאָס יודישע פאָלק פאַר זיי איז אַ גרויסע עולה. נאָר ווי די זאַך איז — מיר זענען יודען און טוט וואָס איהר ווילט — פאַר אַזעלכע ברואים מאַכט מען אונז אַלע ערב.

איז פאַראַן אַ מיטעל געגען דעם?

ד״ר יחזקאל וואָרטסמאַן.

# אויף מבינות.

(ערצעהלונג).

די כּלה האָט מען אַראָבגעבראַכט אויף די אַנדערע טעג יום-טוב. זי איז געווען אַ הויכע אַ דאַרע, דאָס געזיכט אַ קליינס, די אויגען שוואַרצע מיט אַ פאַרלאָשענעם גלאַנץ, און עס איז אין זיי געלעגען אַ טרויעריגער ערנסט, עפּיס אַ מין בענקען. די תּנאים זענען געווען מיט אַ חודש צוריק, דעם חתנ׳ס פאָטער איז אויף די תּנאים ניט גע-פאָהרען. ער האָט קיין צייט ניט געהאַט. און אַגב האָט די מחותּנת׳טע, דעם חתנ׳ס מוטער, זיך געהאַלטען, אַז זי איז מעהר מבין אויף אַ כּלה ווי ער.

דער וועג איז געווען אַ שלעכטער. די גאַנצע פינף שעה, וואָס די רייזע האָט געדויערט, האָט געגאָסען אַ קאַלטער רעגען, און אַ ווינט, אַ בייזער, אַ כּעסן האָט געריסען די טוך, אין וועלכע די כּלה איז געווען איינגעוויקעלט און אַז ער האָט ניט געקאָנט גובר זיין די טוך האָט ער אַריינגעבלאָזען אונטער דער טוך און זי איז געקומען אַ דערפרוירענע.

— לאָמיר נאָר אָנקוקען די כּלה — עפּיס אַ שיינע? האָט דעם חתנ׳ס פאָטער ר׳ חיים, דערהערענדיג אַז די כּלה איז געקומען, פריילעך מיט אַ ווייצעלע אויסגערופען.

ער האָט זיך גענומען די הענט אין די באַקעס, אויסגעשטעלט זיינע גרויסע פאַרע אויגען און האָט אָנגעהויבען קוקען מיט אַיין ערנסטען שמייכל.

— גיש-ק-שה! האָט ער אַרויסגעצויגען און ווייטער זיך גענו-מען קוקען, און צו געגעבען:

— חשך אַביסל!

די כּלה האָט זיך געשטאַרעט צו שמייכלען און האָט געענטפערט:

— איהר וועט מיר גוט צוזעהן וועל איך זיך ביי אייך אין געסט פאַפּראַווען.

— גערעכט, גערעכט! האָט ר׳ חיים צופרידען אויסגערופען — און ער האָט שוין בעשלאָסען ביי זיך אין געדאַנק, אַז זי איז ניט קיין נאַר.

באַלד איז אין שטוב געוואָרען אַ גרעסערער גערודער. די קינ-דער, וועלכע זענען וואָר אויס׳ן גאַס און וואָר אין אַ צווייטען צימער געוועזען, זענען זיך צוזאַמען געקומען און אָנגעהויבען אָהן שום צערע-מאָניעס אַריינקוקען זייערע גאַנצע פּנימ׳ער אין דער כּלה׳ס פּנים אַריין, כּדי איהר בעסער צו בעטראַכטען. און דאָס יונגסטע יונגל בערטשיק, מיט ניט קיין ריינעם נעזל, האָט זיך אַזוי נאָהנט צו איהר צוגעריקט, אַז די כּלה, ווי העפליך זי האָט זיך ניט געוואָלט האַלטען, האָט זיך דאָך אָבגעקעהרט פון איהם...

באַלד איז אַ פאַרסאַפּעטער געקומען דער חתן, וועלכען מען האָט געשיקט אָנזאָגען.

ער האָט איהר גלייך געגעבען די האַנט, געפרעגט מיט האַלבען מויל, וואָס מאַכ... די איבעריגע אותיות האָט ער פאַרשלונגען, עס זאָל ניט זיין קענטיג, צי ער „דוטשעט" זי, צי ער „איהרצט" זי און איז זיך געלאָפען איבערטון.

— די כּלה מוז וועלען עסען! האָט דעם חתנ׳ס מוטער, ביילע, אַ נאַרישע יודענע, וואָס האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גרויסע חכמה, אויסגעשריגען.

— ניין, אַ דאַנק! האָט די כּלה, וועלכע האָט זיך שוין צו גע-זעצט, געענטפערט — איך וויל נאָך ניט עסען.

— וואו האָסטו געגעסען? האָט די מחותּנת׳טע געפאָרשט.

— אַרויספאָהרענדיג פון דער היים! האָט די כּלה געענטפערט. און האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען אויף איהר פינגערל, וואָס דער חתן האָט איהר צו די תּנאים געגעבען.

— די כּלה וויל בעסער אָברוהען! האָט ר׳ חיים הויך אויפ׳ן קול גערעדט, ווייל איהם האָט זיך געדאַכט, אַז וואָס העכער ער וועט רע-דען וועט ער אַלץ מעהר פערשטענדליכער זיין.

די כּלה איז געווען מאַט און צעבראָכען פון׳ם וועג, ניט רע-כענענדיג שוין יענע צעבראָכענקייט און מידעניש, וואָס זי האָט געהאַט אין איהר נשמה זינט זי איז אַ כּלה.

— איך וואָלט זיך טאַקי וועלען צושפּאַרען אַביסל! האָט די כּלה זיך אַרויסגעחאַפּט און האָט גלייך חרטה געהאַט. ווייל דאָס לעצ-

טע וואָרט האָט זי אַרוים געזאָגט מיט אַ הייזעריגליכען קול און זי האָט בעמערקט ווי די מחותנים האָבען איינער אויפ׳ן צווייטען אַ קוק געטאָן.

דעם חתנ׳ס מוטער האָט איהר אַריינגעפיהרט אין אַ זייטיגען האַלב פינסטערן צימערל, האָט איהר אָנגעוויזען וואו צו לעגען זיך און איז אַרויס.

די כלה האָט זיך געפיהלט ווי בעפרייט פון עפּיס און האָט לייכט אָבגעאָטעמט. זי האָט געוואָלט אַ הוסט טון. נאָר זי האָט זיך איינגעהאַלטען.

אַז זי האָט אָבער איינגעדרעמעלט האָט זי זיך פאַרגעסען וואו זי איז און האָט זיך צעהוסט ווי אין דער היים, פריי און אונגעשטערט.

דער מחותן ר׳ חיים, וועלכער איז געשטאַנען נעבען טיר פון צימערל און האָט זיך איינגעהערט צו יעדען מינדסטען שאָרך, וואָס דאָרט קומט פאָר, האָט דעם הוסט גלייך דערהערט, האָט אַ ווינק געטאָן צו דער מחותנת׳טע און האָט שטיל געזאָגט:

— מיר דאַכט, אַז זי איז אַ קראַנקע!..

די מחותנת׳טע, וועלכע איז געווען די גאַנצע מבינ׳טע אויף דער כלה, האָט ניט איינגעשטימט.

— נאָך אַ נייעס! וואָס נאָך וועסטו אויסקלערען.

— זי איז אַ קראַנקע! האָט זיך ר׳ חיים געהאַלטען ביי זיינס.

— גענוג, גענוג משוגע׳נער! האָט שוין די מחותנת׳טע זיך געבייזערט.

— ביזט אַ שאַרפע מבינ׳טע! האָט ר׳ חיים זיך געקרומט, האָסט געקליבען, געקליבען און טאַקי פיין אויסגעקליבען.

די כלה האָט זיך גענומען טשיכען. די מחותנים ביי דער טיר האָבען געווינקען עס זאָל שטיל זיין. באַלד האָט זיך דערהערט אַ הוסט...

— נו? האָט דער מחותן אויסגעשטעלט די אויגען אויף דעם ווייב.

— מילא וואָס אַ מענש הוסט, זיך אַ וודאי צוגעקיהלט פאַרהערנדיג.

— דאָס קאָן אויך זיין אַ מאָל! האָט דער מחותן איינגעשטימט. פון דעסטוועגען קאָן מען זיך דערויף ניט פאַרלאָזען. מען דאַרף זי גוט בודק זיין. מען וועט נאָך זעהן: ממה נפשך: גוט — גוט, ווען ניט איז ניט געפידעלט.

— שששש! האָט די מחותנת׳טע געלעגט דעם מיטעלסטען פינגער פון האַנט אויף דער נאָז — רעד ניט אַזוי הויך...

אין אַ שעה אַרום איז די כלה אויפגעשטאַנען. איין באַק, אויף וועלכע זי איז געלעגען, איז געווען ניט נאַטירליך רויט, די אַנדערע באַק בלאַס און פאַרוועלקט. די מחותנים האָבען געקוקט אויף איהר מיט חשד. מעהר אָבער האָט געקוקט די מחותנת׳טע, זי איז געווען די מבינ׳טע, זי איז פאַראַנטוואָרטליך! זי מוז אַרומזעהן די כלה פון אַלע זייטען.

און קוקענדיג אויף איהר אַ היבשע ווייל, פון וואָס די כלה האָט ניט געהאַט וואו אַהין צו טון איהרע בליקען, האָט די מחותנת׳טע בעמערקט עפּיס אַ שראַם אויפ׳ן שטערן.

— וואָס איז דאָס ביי דיר טאָכטערקע פאַר אַ צייכען אויפ׳ן שטערן? האָט זי געפרעגט גאָר אָהן צערעמאָניעס.

די כלה האָט זיך דערשראָקען. איהרע ליפּען האָבען זיך געקרומט פאַר פּיין... דער שראַם איז איהר געקומען פון אַ פאַל נאָך אין דער קינדהייט. זי האָט עס געוואָלט פאַרצייהלען. זי ווייסט דערפון די גאַנצע מעשה. די מאַמע איהרע פלעגט עס פאַר אַלע ווייבער פאַרצייהלען. נאָר די צונג האָט איהר ניט געדיענט. און זי האָט עפּיס ניט דייטליך אַרויסגעשטאַמעלט:

— דאָס איז גאָר נישט... דאָס איז גאָר נישט... די מחותנים האָבען זיך ווידער איבערגעקוקט, שוין אָבער מיט מעהר ערנסט. דער חתן, וועלכער האָט שוין זיך איבערגעטאָן און איז אומגעגאַנגען הין און צוריק אין דעם נייעם קאָסטיום, די הענט אין די קעשענעס, האָט זיך אויך אָבגעשטעלט, צוגעגאַנגען נאָהנט צו דער כלה און האָט טיעף אַריינגעריקט זיין פּנים מיט אַ מינע פון אַ שאַרפען מבין...

די כלה האָט אין גאַנצען געציטערט...

---

די אַנדערע טעג יום־טוב האָט מען געפיהרט די כלה אויף „כבוד" צו קרובים. דער מיין איז אָבער געווען הערען מבינות אויף דער כלה. די משפּחה איז געווען אַ גרויסע: מען האָט זי געפיהרט פריהער צום חתנ׳ס זיידען ר׳ לייזער. דאָרט איז צוגעגאַנגען גרינג. ערשטענס האָט דער אַלטער ניט געקוקט אויף ווייבער, צווייטענס האָט ער געלאָזען אין שוהל די שפּאַקולען און אָהן שפּאַקולען זעהט ער סיי ווי סיי גאָר נישט. די באָבע האָט גראַד דעם טאָג געליטען אויף רעוומאַטיזם און האָט געקרעכצט אין בעט. שווערער איז עס צו געגאַנגען ביי די פעטערס און מומעס. דאָרט פלעגט די מחותנת׳טע אָברופען די ווייבער אָן אַ זייט, אָנווייזען מיט׳ן פינגער אויף דער כלה און פרעגען אַזוי שטיל, אַז די כלה פלעגט הערען יעדעם וואָרט:

— וואָס זאָגסטו? דער „אַלטער" זאָגט, אַז זי איז אַ קראַנקע.

— האַ... פלעגט די מומע אויסשטעלען די אויגען, און קוקען אויף דער כלה...

דאַ פלעגט שוין די כלה ניט הערען. דער געשפּרעך פלעגט שטילער ווערען. נאָר זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אַזעלכע מיינונגען, וואָס דער גרעסטער מבין וואָלט אויף איהר אין אמת׳ן ניט געזאָגט.

איין עלטער מומע, ביי וועלכער מען איז געווען צום לעצטען. אַ הויכע דיקע פרוי, האָט איהר גאָר אָבגעזאָגט אין גאַנצען דאָס לעבען.

— זי איז דאָך אַ מסוכנת... זי איז דאָך אַ געשטאַרבענע... האָט זי אין אַ ווינקעל אָברופענדיג די מחותנת׳טע בעשלאָסען... זי פאַרזוכט דאָך גאָר נישט.

— יאָ, יאָ... האָט די מחותנת׳טע געזיפצט. איך ווייס גאָר ניט וואו זענען מיינע אויגען געווען!.. וועה איז מיר...

---

— נו, וואָס טוט מען איצטער? האָבען די מחותנים געשמועסט קומענדיג אַהיים צווישען זיך, ווען די כלה איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ צווייטען צימער.

— איך ווייס? האָט געזאָגט דער מחותן.

— איך ווייס? האָט געענטפערט די מחותנת׳טע.

— נו, וואָס זאָגסטו, חתן?

— איך ווייס? האָט דער חתן געדרוקט מיט די פּלייצעס — ווי איהר פאַרשטעהט ...

— שאַ, זי געהט! האָט דער חתן געווינקען.

די כַּלָה איז אַריין אין שטוּב. פאַרשטעהענדיג, אַז מען האָט וועגען איהר גערעדט, האָט זי זיך ניט געהאַט וואוּ הין צוּ טוּן.

— נוּ, ווילסט שוין אפשר עסען? האָט די מחותּנת׳טע ווייטער געפרעגט.

— ניין! עס ווילט זיך נאָך ניט.

— דוּ עסט אַלע מאָל אַזוֹי ווייניג? האָט דער מחוּתּן גע־פאָרשט ווי אַ דאָקטאָר.

פאַרקעהרט... האָט די כַּלָה געשטאַמעלט, פאַרשטעהענדיג וואוּהין מען ציעלט מיט דער פראַגע.

— הייסט עס, האָסט יאָ אַפּעטיט.

— ניט צוּ פאַרזינדיגען! האָט די כַּלָה געפּרוּבּט שמייכלען.

עס איז געוואָרען שטיל אַ ווייַלע. דער מחוּתּן האָט אַראָבּ־געלאָזען דעם קאָפּ אויפ׳ן טיש אוּנ האָט זיך פאַרטראַכט. באַלד אָבּער האָט ער זיך ערוואַכט, ווי אין קאָפּ וואָלט איהם אַריינגעפאַלען אַ גליקליכע אידעע אוּנ האָט זיך געווענדט צוּ דער כַּלָה מיט אַ קוראַזש:

— זאָג מיר מיין טאָכטער, דוּ ביזט, חלילה, ניט קיין שטיקל חוֹלָה?...

די כַּלָה איז בלייך געוואָרען, זי האָט אין גאַנצען אַ ציטער געטאָן אוּנ האָט אַ וואָרט ניט געקאָנט אויסרעדען...

נאָך יום-טוב איז זי אַוועקגעפאָהרען טאַקי אַ קראַנקע...

אַבְרָהָם רייזען.

## צְוויי תְּפִלּוֹת.

עס בעט זיך תּחנוּנים אַ בלוּם,
ווָאס וואַקסט אין דער מדבּר אַליין:
„רבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ניט-שוין וועט
„מיין דוּפטיגע יוּגענד פאַרגעהן
„נאָך איידער מע האָט מיך באוואוּנדערט,
„אוּנ זיך מיט מיין ריח דערקוויקט,
ניט-שוין וועל איך קיינמאָל ניט ווערען
„פוּן צערטליכע פינגער געפליקט...

עס יאָמערט אַ צווייטע אין גאָרטען,
מיט שרעקען דערוואַרט זי די הענד,
וואָס וועלען זי רייסען אוּנ מאַכען
צוּם רוּהיגען בליהען איין ענד:
רבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וואָס האָסטוּ
„פאַר מיר אַזאַ גוֹרל באַשערט,
„צוּ ווערען געליבּט אוּנ באוואוּנדערט,
„אוּנ ווערען דוּרך ליבּע צעשטערט...

עס קלאָגען די בלוּמען זיך ביידע,
ס׳האָט יעדע איין אַנדער פאַרלאַנג,
כּבְיָכוֹל ער הערט ביידענ׳ס טענוֹת,
אוּנ ס׳טוּט איהם פאַר איטליכע באַנג...

דענווער קאָלאָ (אַמעריקאַ) יְהוֹאָש.

## אַ שְׁמוּעס.

רבּ לאַקש צוּ רבּ פאַרפּלען: איך מוּז אַרוּיס פוּן די כּלים...

רבּ פאַרפּל: שאַט שאַט, וואָס זענט איהר פאַר אַ מיוּחס?

רבּ לאַקש: עס איז אַ העזה פוּן אַ מענשען, מיין זוּהן רעדען משוּלמ׳ים טאָכטער. איהר פאַרשטעהט מיך? איהר זענט בּסך־הכּל אַ גאָר נישט.

רבּ פאַרפּל: ניט זידלען מיין קינד; איך זאָג אייך, ס׳איז פאַר אייך אַ גליק, כ׳לעבּען, איהר וועט מיך בּעטען.

רבּ לאַקש: בעטען זאָל מען אייך צוּם רוּח. אַז איהר וועט זיך דערוועגען נאָך אַמאָל צוּ קוּמען צוּ מיר מיט דער דאָזיגע זאַך, וועל איך אייך ווייזען די טיר.

רבּ פאַרפּל: וואָזשע זאָל איך טוּן, אַז איך בּין פּאָרט אַ שדכן אוּנ דער שׂכל זאָגט מיר, אַז דאָס איז ווי פאַר אייך געבּאָרען?

רבּ לאַקש: טראָגט אייך אָבּ, איהר ברענגט מיך אוּיס דער הויט.

רבּ פאַרפּל: געהן וויל איך שוין, אָבּער דער ענין איז טאַקי איין ענין, לאָמיר זיך ניט נאַרען.

רבּ לאַקש (אין צאָרן הויבּט אָן פאַרפּלען צוּ דוּצען): פאַרפּל, איך וועל דיך אַרוּיסוואַרפען, אַ דאָס וועט זיין דער סוֹף.

רבּ פאַרפּל: וואָס זענט איהר אין כּעס, ווער גייט אייך דען? איך בּין מיר אַ יוּד אוּנ טוּ מיר מיינס, איהר ווילט ניט, איז ניט.

רבּ לאַקש: אַ העזה פוּן אַ מענשען!

רבּ פאַרפּל: גיט אַהער דעם בּריף.

רבּ לאַקש: וואָס פאַר אַ בּריף?

רבּ פאַרפּל: איך מיין דעם בּריף, וואָס איך האָבּ אייך אַדאַ געגעבּען.

רבּ לאַקש: אַ, דעם בּריף פוּן משוּלמען מכּח דעם נדן, דעם האָבּ איך צעריסען אויף פּיצפּיצלעך.

רבּ פאַרפּל: גיט אַהער דעם בּריף אוּנ מאַכט אייך ניט נאַריש, איהר ווילט דאָך דערפוּן גאָר ניט וויסען. בּיי מיר איז דאָס אַ סחוֹרה, איז ניט לאַקש איז גרוֹנם, צי בּוידעס, יוּנגעלעך זענען דאַ בּיי יאָרען אַ סך בּרוּך השם:

רבּ לאַקש: צוּ וואָזשע טויג אייך דער בּריף?

רבּ פאַרפּל: אַ שׂכל פוּן אַ מענשען, דעם בּריף וויל איך טאַקי ווייזען גרוֹנמען, אַז איך וועל איהם פאַרלעגען דעם שדוּך.

רבּ לאַקש: וואָס גַעהט מיך אָן גרוֹנם, זאָל ער בּרעכען דעם קאָפּ!

רבּ פאַרפּל: דאָס איז מיין דאגה. זייט ניט פוּיל אויפ׳ן פּעלץ אוּנ גיט אַהער זייט מוֹחל דעם בּריף.

רבּ לאַקש: איז בּיי אייך אַ רענדל אַ מינוּט? אַ מענש מוּז זיך דאָך מיישב זיין...

מ. י. ב.

## געלד.

דער גרעסטער רעגירער אין אוּנזער היינטיגער געזעלשאַפט איז געלד. אַלע מענשען האַרעווען, זענען זיך מבזה אוּנ אַנדערע מאָל

אויף מוסר נפש, פאַהרען אין אַלע עקען וועלט כּדי צו פאַרדיענען אַ רובל. מיט געלד קאַן מען אַלעס דערגרייכען: בילדונג, פאַרגניגען, כּבוד, און יענער, וועלכער האָט ניט קיין געלד, איז איין אָבגעלייטמטער, אָבגעשטאַרבּענער מיטגליד, וועלכער האָט קיין שום ווירקונג ניט אין דער געזעלשאַפט. ער איז אַזוי ווי אויסגעשלאָסען פון דער גאַנצער מענשליכער חברה (עני חשוב כּמת). די מטבּע איז דער גאַנצער רוח חיים אין היינטיגע צייטען; און ניט אומזיסט רופט מען היינטיגען יאָהר־הונדערט „דער גאָלדענער יאָהר־הונדערט“. גאָלד איז דער גאָט, וועלכען אַלע דיענען. גאָלד מאַכט פון כּשר — טריפה און פון טריפה — כּשר. מיט איין וואָרט, געלד איז אַלעס, גאָלד איז דער שטאַרקסטער רעגירער אויף דער וועלט, זיין שווערע מעטאַלענע האַנט איז פאַרשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט פון מזרח בּיז מערב און פון צפון בּיז דרום, אויף דעם ים און יבּשה — אומעטום הערשט ער דעספּאָטיש.

און ווען מיר בּעטראַכטען די אונבּעגרענעצטע הערשונג און די ראָלע, וועלכע דער „מבוזה׳דיגער מעטאַל“ שפּיעלט אין דער געזעלשאַפט, ווילט זיך גאָר ניט גלויבען, אַז עס זענען געווען צייטען, ווען געלד איז ניט געווען דער עיקר, ווען מענשען זענען אויסגעקומען אין גאַנצען אָהן געלד, און אויב עס איז עפּיס יאָ געווען אַזוינס, וואָס מען פלעגט דאָס רופען געלד, האָט דאָס אָבער געהאַט אַ גאַנץ אַנדער אויסזעהן ווי איצט.

יאָ עס איז אונגלויבּליך, אָבער בּאמת איז אַזוי געווען!

וואָס איז טאַקי די אורזאַכע, דורך וועלכע דער מענש, וועלכער האָט בּעקעמפּפט אַלערליי קרעפטען פון דער נאַטור, דער מענש, וועלכער האָט מלחמה געהאַלטען מיט די שרעקליכסטע ווילדע חיות און איז זיי בּייגעקומען, דער מענש, וועלכער האָט זיך שוין כּמעט אין גאַנצען בּעפרייט פון די פינסטערע אָבּערגלויבּעריי, דער מענש וועלכער האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה אין דער ענטוויקלונג, אַז דער דאָזיגער מענש איז אַרונטער געפאַלען אונטער דעם יאָך פון׳ם טויטען אונבּעוועגליכען מעטאַל, וועלכער האָט איהם אַזוי אַריין גענומען אין זיינע „לאַפּעס“, דאָס ער קאַן זיך אָהן איהם ניט קעהרען און ריהרען?

צי איז שוין גאָר ניט מעגליך, אַז די מענשען זאָלען אַרונטער וואַרפען פון זיך די שווערע, אייזערנע לאַסט פון געלד און אָנהויבּען צו לעבּען אַבּיסל פרייער?...

מיר ווייסען שוין, אַז אין דער נאַטור און אין דער געזעלשאַפט זענען ניטאַ זעלבּסטשטענדיגע ערשיינונגען, יעדע ערשיינונג האָט איהרע געוויסע אורזאַכען, וועלכע האָבּען איהר אַרויסגערופען. אפילו דעם מענשענס מעשים זענען אויך ניט אַלע מאָל פריי, ניט אַלע מאָל קאָן זיין דער מענש אַ בּעל־בּחירה און טון וואָס ער וויל. אַלס אַ טייל פון דער געזעלשאַפט און דער נאַטור איז דער מענש דאָס רוב מאָל געצוואונגען צו טון ניט לויט זיין אייגענעם ווילען נאָר לויט די געזעצען פון דער נאַטור און דער געזעלשאַפט, צווישען וועלכע ער געפינט זיך. זיין אייגענער ווילען איז אויך טייל מאָל משועבּד צו די געזעצען פון דער אויסערליכער נאַטור אין דער געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג. בּכלל איז דאָ אַ געוויסער הכרה

„אַ נויטווענדיגקייט“, וועלכע רעגירט מיט אַלע ערשיינונגען: סיי נאַטירליכע, סיי געזעלשאַפט־היסטאָרישע און אויך דעם מענש איז געראַטען, אין פערלויף פון אַ סך צייט, איינצונעמען פיל נאַטירליכע ערשיינונגען, בּיי וועלכע ער איז אין אָנפאַנג געווען פאַרשקלאַפט, איז ער אָבער דערפאַר נאָך מעהר פאַרשקלאַפט געוואָרען בּיי די געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען, פון וועלכע עס איז ניט אַזוי לייכט בּעפרייט צו ווערען.

אט די זעלבּיגע „היסטאָרישע נויטווענדיגקייט“ האָט אַרויסגע־רופען די שטאַרקע ממשלה פון געלד.

אין די פאַרהיסטאָרישע צייטען, דענסטמאָל, ווען די געזעל־שאַפט איז נאָך ניט געווען שטאַרק ענטוויקעלט, ווען איהר צאָהל מיטגלידער איז געווען אַ קליינע און די בּעדירפניסען זענען ניט געווען אַ סך, האָט יעדער קבוץ מענשען נאָר פאַרבּרויכט די אייגענע ערוואָרבּענע פּראָדוקטען און נאָר אַזוי פיעל, וויפיעל זיי פלעגען אויפטון. פּראָדוקטען פלעגען די מענשען שאַפען כּל זמן זיי זענען נייטיג געווען צום אייגענעם געבּרויך. ווען די בּעדירפניסען זענען געווען צופרידען געשטעלט: ווען די מענשען זענען שוין געווען כּלומרשט זאַט, בּעשיצט פון קעלט, און פון די איבּריגע בּלינדע כּחות פון דער נאַטור, דענסטמאָל האָבּען זיי אויפגעהערט צו אַרבּייטען תּכליתים אויף שפּעטער האָט מען ניט געזוכט. און ווען זיי וואָלטען אפילו שוין יאָ געזוכט, איז טאַקי ממש ניט געווען וואָס אָבּצושפּאָרען. זיי פלעגען מעהר הונגערען ווי זאַט זיין. ווען זיי האָבּען געוואוינט אין אַזאַ אָרט, וואו ס׳זענען ניט געווען אַלע מיני פּראָדוקטען, וועלכע זייער חיונה האָט געפאָדערט, האָבּען זיי ניט געזוכט דאָס צו בּעקומען בּיי אַנדערע, נאָר זיי האָבּען זיך געסטאַרעט צו לעבּען לויט די בּעדינגונגען פון דעם אָרט, וואו זיי האָבּען גע־וואוינט, אַזוי ווי עס איז געווען בּיי אַלע חיות, ווייל זיי האָבּען נאָך ניט געוואוסט, ווי איינצונעמען די נאַטור און די נוצען פון זייערע אינטערעסען. יעדער פּראָדוקט האָט ניט געהאַט אַ ווערט פון אַ סחורה, נאָר ער האָט געדיענט אַלס מיטעל צופרידען צו־שטעלען זייערע בּעדירפניסען.

שפּעטער, ווען די מיטלען צום קאַמפּף מיט דער נאַטור זענען שוין אויסגעבּעסערט געוואָרען, ווען די מענשען האָבּען זיך שוין מעהר ענטוויקעלט און האָבּען שוין אָנגעהויבּען בּיסלעכווייז איינ־צונעמען די „בּייזע“ נאַטור און אונטערטעניגען זי אונטער זיך, פלעגט שוין צייטענווייז טרעפען, דאָס זיי פלעגען אויפטון פּראָ־דוקטען מעהר וויפיעל עס זענען זיי נייטיג געווען צום אייגענעם געבּרויך.

אין די ערשטע צייטען, ווען די פאַרשידענע גרופּעס מענשען פלעגען זיך רייסען, האַמפּערען צווישען זיך און ניט לעבּען בּשלום, פלעגט פון די פּראָדוקטען, וועלכע די אַרבּייט האָט בּעשאַפען מעהר, וויפיעל עס זענען נייטיג געווען צום אייגענעם געבּרויך, גאָר נישט ווערען, ווייל, ווי מיר האָבּען שוין געזאָגט, איז דער אדם הקדמון געווען זעהר אַ קליינער בּעל־תּכלית. ער האָט זיך ווייניג וואָס בּעקימערט מיט׳ן מאָרגענדיגען טאָג. שפּעטער, ווען די נויט האָט געצוואונגען די גרופּעס ניט מלחמה צו האַלטען איינע מיט דער

אנדערע, נאר צו פיהרען שותפות׳דיגען קאמפף מיט דער נאטור, ווען די מלחמות, וואס זיי האבען געפיהרט צווישען זיך, זענען פארכיטען געווארען אויף אלגעמיינע אונטערנעמונגען און פריינדליכע אבמאכען, פלעגט איין גרופע אבלאזען דער אנדערער דיעזע פראדוקטען, וועלכע זי אליין האט ניט בעדארפט פארנוצען פאר זיך. עס פארשטעהט זיך, אז די גרופען, וועלכע מען פלעגט איבערגעבען די "פאראיבריגטע" פראדוקטען, זענען ניט געווען כפוי טובה און פלעגען דערפאר אבגעבען יענע סארטען פראדוקטען, וועלכע זיי אליין האבען פאר זיך ניט פארנוצט און וועלכע די צווייטע גרופע האט זיך גענייטיגט. פון אזעלכע ביידערזייטיגע טובות האט זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט א שטענדיגער טויש, וואו די גרופען פלעגען צווישען זיך טוישען איין סארט פראדוקטען אויפ׳ן צווייטען.

אין אנהויב פון זיין ענטוויקלונג איז נאך דער טויש ניט געווען איין אפטע ערשיינונג, דער טויש איז נאר געווען א צופאל, א מקרה־זאך, דערצו האבען געמוזט זיין ווייטערדיגע בעדינגונגען: 1) האט יעדע גרופע געמוזט בעשאפען מעהר פראדוקטען, וויפיעל איהר איז נייטיג, 2) האבען די "פאראיבריגטע" פראדוקטען פון יעדער גרופע געמוזט זיין פון פארשידענע ניט גלייכע סארטען: קיינער וואלט דאך ניט אויסגעביטען ווייץ אויף ווייץ אדער א האק אויף א האק א. ז. וו. פארקומענדיג זעהר זעלטען, האט דער טויש זיך ניט גענייטיגט אין א פארמיטלער. די פראדוקטען פלעגען פארטוישט ווערען גאנץ פשוט, איינער אויפ׳ן אנדערען, ווען איין גרופע האט געהאט איין איבריגע בהמה און די אנדערע איין איבריגע האק, האבען זיי, די גרופען, צווישען זיך אויסגעביטען די בהמה אויף די האק, די פראדורטען פלעגען גלייך געהן ביי זייערע נייע בעלי־בתים אין געברויך. דענסטמאלדיגער טויש האט געהאט די דאזיגע פארמע:

I. 1 בהמה איז גלייך צו 1 האק.

אין דיעזער פארמע ווערד די ווערט פון דער בהמה אויסגע־דריקט אין די האק און די ווערט פון א האק אין דער בהמה. מיר קענען אנדערש ניט וויסען דעם ווערט פון דער בהמה, סיידען אינ׳ם פערגלייך מיט איין אנדער פראדוקט — מיט די האק. דאס גלייכען פארקעהרט. ווען מיר זאלען די בהמה ניט א קענען שטעלען ביים טויש קעגען די האק, וועלען מיר בשום ענין ואופן ניט וויסען איהר ווערט, אזוי גוט, ווי מיר קענען ניט וויסען דעם כח פון א מענ־שען, ווען ער ראנגעלט זיך ניט מיט א צווייטען. די פערגלייכונג פון דער בהמה צום האק איז דאך א מקרה־זאך, עס קאן דאך זעהר טרע־פען, אז יענע גרופע האט פאראיבעריקט ניט א האק, נאר איין אנדער פראדוקט, למשל, פיילען דענסטמאל וועט די ווערט פון דער בהמה שוין ווערען אויסגעדריקט אין די פיילען, און אזוי גוט, ווי איין גרופע ווייסט דאך ניט אויב די צווייטע גרופע וועט וואס עס איז פאר א פראדוקט פאראיבעריגען צום טויש, האבען מיר טאקי ניט געהאט דעריבער קיין רעכטען בעגריף פון דעם פראדוקט׳ס ווערט. מיר פלע־גען דאס נאר קריגען צו וויסען דורך א צופאל, ווען עס האט זיך געטראפען א נס, וואו ביידע גרופעס, וועלכע האבען זיך בעגעגנט,

האבען פאראיבעריגט פראדוקטען, און דווקא ניט גלייכע פראדוקטען און וואו זיי האבען מסכים געווען צו טוישען איין פראדוקט אויפ׳ן צווייטען.

ביידע סחורות: די בהמה און די האק, הגם זיי ווערען ביידע פארטוישט איינער אויף די אנדערע, שפילען אבער אינ׳ם טויש פאר־שידענע ראליעס. ווען מיר זאגען, דאס 1 בהמה איז גלייך צו 1 האק, וועט דענסטמאל זיין די בהמה די הויפט־סחורה, וועלכע מען וויל פארקויפען, און די האק וועט זיין דער "אויסדריקער" פון דער בהמה׳ס ווערט. ווען מיר שטעלען איבער די פארגלייכונג און זאגען, אז 1 האק איז גלייך צו 1 בהמה וועט דענסטמאל זיין פארקעהרט, די האק וועט אויסדריקען איהר ווערט אין דער בהמה; די האק וועט זיין די סחורה צום פארקויף און די בהמה דער "אויסדריקער" פון די האקס ווערט.

ווען די פארבינדונג צווישען די וואנדער־גרופען האט זיך גע־שטארקט, ווען א גרופע האט זיך שוין אבגעלערנט פון דער אנדערער, ווי בעסער צו עקספלאאטירען די מתנות פון דער נאטור — דענסט־מאל האט שוין יעדע גרופע בעזונדער "פאראיבעריגט" א פראדוקט צום טויש. און ווען אונזער גרופע, וועלכע האט פאראיבעריגט די בהמה, טרעפט זיך מיט אנדערע גרופעס, לייגען זיי פאר אונזער גרופע זייערע פאראיבעריגטע פראדוקטען, וועלכע זיי האבען פאר זיך ניט נייטיג. א גרופע וויל געבען פאר דער בהמה א שווערד; די צווייטע א האק; די דריטע — איין אכטל ווייץ; די פיערטע — א פאר לעהמענע טעפ א.ז.ו. אונזער גרופע האט שוין די מעגליכקייט אויסצוקלויבען פון די אלע פראדוקטען, וועלכע מען לעגט איהר פאר, דעם, וועלכער איהר געפעלט בעסער.

דיעזער טויש בעקומט אויף אזא פארמע:

| | |
|---|---|
| II. 1 בהמה איז גלייך צו | א שווערד |
| | א האק |
| | איין אכטל ווייץ |
| | צוויי לעהמענע טעפ. |

אין דיעזער פארמע איז נאך אלץ ניטא קיין פארמיטלער אינ׳ם טויש. איין פראדוקט ווערד אויסגעביטען אויפ׳ן צווייטען פראדוקט, וועלכער געהט גלייך צום געברויך. די ווערט פון דער בהמה בכלל קאנען מיר נאך אלץ ניט וויסען, ניט פארגלייכענדיג מיט די אלע אנדערע פראדוקטען. איהר ווערט דריקט זיך אויס אין א סך פארשי־דענע סחורות: אין א האק, אין א שווערד, אין א אכטל ווייץ אז״וו. דיעזע אלע סחורות שפיגלען אין זיך אב ביים פארגלייכונג די ווערט נאר פון איין סחורה. ווען עס זאל קומען א גרופע מיט א נייער סחורה, למשל, מיט פעלען און זיי וועלען מסכים זיין אויסבייטען די פעלען אויף די בהמה — וועט דענסטמאל זיין דער "אויסדריקער" פון דער בהמה׳ס ווערט — די פעלען; און אזוי קאן זיין אהן א סוף; קיין בע־שטימטער, אבגעשטעמפעלטער "אויסדריקער" פון דער סחורה׳ס ווערט, וועלכע איז בעשטימט צום טויש, איז ניטא.

די נפקא מינה צווישען פריהערדיגער פארמע פונ׳ם טויש אין דיעזע פארמע בעשטעהט אין דעם, וואס אין דעם ערשטען פאל האט די בהמה נאר געפונען איין אויסדריקער פון איהר ווערט אין צוויי-

מען פאל א סך אויסדריקער, ווייל יעדע סחורה בעזונדער דריקט אויס די ווערט פון דער בהמה.

יעדענפאלס קאנען מיר שוין אבער זעהן אפילו אין דער מדרגה פונ'ם טויש, וועלכע מיר בעהאנדלען איצט, א קערן פון געלד. ווען מיר זאגען, אז א בהמה קאן אויסגעביטען ווערען אויף א שווערד, אויף א האק, אויף איין אכטל ווייץ אז"וו איז דאך דערפון געדרונגען פארקעהרט אויך — די אלע פראדוקטען: דער שווערד, די האק, דאס אכטל ווייץ, די פאר לעהמענע טעפ — זיי אלע קאנען אויסגעביטען ווערען אויף איין פראדוקט, אויף די בהמה און דער דאזיגער טויש וועט בעקומען אזא מין פארמע:

III. 1 שווערד
1 האק
1 אכטל ווייץ
2 לעהמענע טעפ
} זענען גלייך צו 1 בהמה.

(פארטזעצונג קומט).

א. ש. זאקס.

---

# לערנט אייך זעהן.

(ענדע).

עס איז דעריבער קיין ספק נישט, אז אויך ביי דאס רוב אייראפייער איז די ראיה פון געבורט אן א שטארקע, אזוי גוט ווי ביי די ווילדע, אי פאר וואס בעווייזען די ווילדע אזוינע בריו'שקייטען מיט זייער ראיה, וואס אונז ציוויליזירטע ווילט זיך דאס גאר נישט גלויבען? די סבה איז פשוט, דערפאר, ווייל מיר אייראפייער שטרענגען נישט אן אונזערע אויגען און לערנען זיי נישט זעהען, ווי עס טוען די ווילדע.

די באקאירעס, ביי וועלכע ראנקע האט געפונען, אז זייער ראיה איז נאר איינמאל אדער צווייטמאל אזוי שטארק ווי ביי אנדערע, האבען איהם דערקלערט זייערע בריו'שקייטען אין דער ראיה אויף א גאנץ פשוט'ן אופן. זיי דערקענען אויב די חיה איז א זכר אדער א נקבה נישט דורך אנאטאמישע צייכענס און סימנים, ווי למשל, אן די שפי-צען פון די אויערען וכדומה, נאר דורך דעם אופן שפרינגען דערקענען זיי, למשל אויב די חיה איז א באק אדער א ציג. א דייטשער וואלד-שומר האט מיר געזאגט, אז ער דערקענט פון א זעהר ווייטע שטרעקע נאכ'ן אופן ארט געהן, וואס די חיה איז, א זכר אדער א נקבה.

די באקאירען האבען געוויזען דעם ד"ר ראנקע, בשעת זיי האבען געזוכט שפור אויף דעם וועג, אז כדי צו דערזעהן די שפור דארף מען קוקען נעבען זיך אויף דער ערד, נאר מען דארף נישט קוקען גלייך, נאר משופע'דיג אויף א מרחק פון 25 ביז 30 מעטער און אז ראנקע האט זיי געפאלגט האט ער טאקי אויך דערזעהן די שפור אין קרומע, פארדרייטע ליניעס. דאס איז אויך דער טעם, וואס די אינדיאנער קאנען ארויסגעפינען א וועג אפילו אין דעם פוסטען מדבר, אז זיי דערקענען באלד דעם וועג, אויף וועלכען זיי זענען מיט א יאהר צוריק נאר איין איינציג מאל געגאנגען. ראנקע זאגט גאנץ ריכטיג: ביי אונז אייראפייער, וואס מיר זענען תמיד צעטראגען און פאריאגט, און אונזערע געדאנקען זענען שטענדיג צעשפרייט און צעזייעט, ביי אונז אייראפייער, וואס מיר דרעהען זיך ארום גאנצע שעות און בעטרעקען נישט, וואס ארום אונז טוט זיך, קומט אויס, אז דאס וואס דער אינ-דיאנער געפינט דעם וועג, איז שלא כדרך הטבע, עפיס א מין נס; עס איז אבער גאר קיין נסים דערביי נישטא. דער אינדיאנער, וואס האט נישט אין די מדבריות קיין שאסייען און וויערסטען, וואס זאלען איהם ווייזען דעם וועג, קוקט זיך גוט צו צו אלץ, וואס ארום איהם טוט זיך; דער ווילדער ווייסט, ווי וויכטיג עס איז פאר איהם צו געדענקען יעדען קלענסטען סימן ער ווייסט, אז זיין גאנץ לעבען הענגט אב אין דעם און דאס שארפט און שטארקט ביי איהם נישט נאר די ראיה, נאר אויך דעם זכרון.

דאס אונטערזוכען די ברעסלויער שילער האט מיר בעוויזען אז מען קאן אויך אונזערע אייראפייער אויסלערנען גוט זעהן נישט ערגער פון די ווילדע. פאר וואס זאלען מיר נישט אויסלערנען אונזערע קינדער, וואס זענען געבוירען מיט שטארקע ראיות, אלע צו זעהן און געגוי' צו בעטראכטען, כדי צו פארשטארקען דערמיט זייער ראיה? די שאלה האט מיך אינטערעסירט שוין דענסטמאל, ווען איך האב געמאכט די אונטערזוכונג.

מיט דער דאזיגער שאלה האט זיך נישט לאנג אנגעהויבען צו פארנעמען דער הויפטמאן ציגלער, וועלכער האט אנגעהויבען איינצופיהרען קורסען אויף זיך לערנען זעהן. וועגען דער שאלה האט הויפטמאן ציגלער אנגעשריבען א גאנץ בוך. אין זיין בוך זאגט ער, אז מען דארף לערנען און מאכען גימנאסטיקע מיט די אויגען אויף דעם אייגענעם פלאץ, וואס מען מאכט די געוועהנליכע גימנאסטיק, גאנץ נאהנט ביי דער שולע אדער אויף די ערטער, וואו מען געהט שפאצירען. ער הייסט, למשל, מען זאל אויף דעם שול-הויף אוועקשטעלען סטאבלעס, וועלכע זענען ווייט איינער פון צוויי-טען פון 25 ביז 50 מעטער, די שילער מוזען פאר די דאזיגע סטאל-בעס פארביי געהן, כדי זיי זאלען זיך מערקען וויפיעל טריט עס איז פון איין סטאלב ביז דעם צווייטען, מען זאל אויף די סטאלבעס אוועקשטעלען קליינע זאכען, ווי אותיות אדער בילדלעך און עס באלד צוריק אוועקנעמען און דערמיט פראבירען ווי שטארק עס איז דער כח הראיה ביי די קינדער.

עס איז אויך זעהר ניצליך איינצוטיילען די שילער אין צוויי אבטיילונגען און אפרוקען איין אבטיילונג פון דער אנדערער א מרחק פון 100 ביז 300 מעטער. יעדער שילער מוז זיך גוט איינצייכענען, וועלכע זאכען ער זעהט נאך דייטליך אין דעם דאזיגען מרחק. דער שילער מוז בעשרייבען ווי עס זעהען אויס די שפיצען פון די טורעמס און אנדערע הויכע בנינים, וועלכע זעהען זיך נאך פון דער ווייטענס. שפעטער פארגרעסערט מען דעם מרחק צווישען איין אבטיילונג און דער אנדערער, מען לעהרנט דאס אויג צו אונטערשיידען די ווייטקייט ביי קלארען און נישט קלארען וועטער, ביי זון-שיין און וואלקענדיגע טעג.

אויך לעהרנט מען דאס אויג דערקענען דעם וועג נישט דורך א קאמפאס, וואס ווייזט על פי טבע אלץ אין צפון זייט, נאר דורך די אלטע ביימער אדער שטיינער, וועלכע זענען געוועהנליך אין צפון זייט מעהר אבגעבליאקעוועט פון ווינט.

אזוינע שילער, וועלכע האבען געלערנט ווי צו זעהן, וועלען

שוין שפעטער אויך צו אלצדינג זיך בעסער צוקוקען און גענויער בעטראכטען.

דעם עיקר נוצען, וואס דאס לערנען זעהן וועט ברענגען, איז דאכט מיר, וואס דער קינפטיגער דור וועט זיך אויסלערנען זעהן מיט זיינע אייגענע אויגען און זיך ניט בענוצען מיטברילען און פאנסנע, וואס כמעט א האלבע געבילדעטע וועלט בענוצט עס, די צאהל פון קורצזיכטיגע, וואס מאכט אויס צווישען די געבילדעטע ביז 60 פראצענט, וועט מיט דער צייט אלץ ווענינער און ווענינער ווערען, דער מענש וועט מיט זיין חוש הראיה געניסען ווי אלע אנדערע חושים אהן א מאשינע און דענסטמאל וועט ער פיהלען דעם אמת'ן תענוג פון זעהן און אויף אלץ, וואס ער וועט ווארפען זיין בליק וועט איהם אויסקומען קלערער און העלער.

ד״ר הערמאן קאהן.

---

## ליטעראטור וויסענשאפט און קונסט.

איין ענגלישער בעוואוסטער היסטאריקער מארליי האט גע־שריבען א ביאגראפיע פון דעם פערשטארבענעם שטאטס־מאן גלאדסטאן. די ערשטע אויפלאגע איז געדרוקט געווארען אין 120,000 עקזעמפלארען און עס קאסט 20 רובל איין עקזעמפלאר און אין א משך פון 6 טעג איז עס ביז איינעם פארקויפט געווארען און מען האט באלד באשטעלט נאך 50,000 עקזעמפלארען. מארליי האט פאר זיין ארבייט באקומען 100,000 רובל.

— היינטיגען כ״ג חשון ווערד 26 יאהר זייט עס איז אין ווילנא געשטארבען דער בעוואוסטער יודישער משורר אברהם בער הכהן לעבענזאהן.

— נישט לאנג האט דער יונגער שריפטשטעלער אשקעוויטש אין פעטערסבורג פארעפענטליכט איינינע שטעלען פון זיין ניי ווערק „די יודען“. אין דעם דאזיגען ווערק שילדערט דער פערפאסער די לאגע פון דעם יודישען פראלעטאריאט. ער בעשרייבט די עלענדע לאגע פון די דערשלאגענע, פארשטויסענע יודישע בעלי מלאכות און קליינע סוחרים, די פרויען און מיידלעך, וואס ארבייטען און גיבען זיך אב מיט שענדליכע פרנסות. אין דעם נייעם בוך זעהט מען ווי גרויס עס איז דער טאלענט פון דעם יונגען שריפטשטעלער פארצושטעלען די טרויעריגע לאגע פון דעם יודישען ארבייטער־לעבען. איבערהויפט ווייזט זיך דאס ארויס דארטען וואו ער שילדערט ווי דאס יודיש מיידל פאלט אזוי נידריג, אז זי מוז איהר קערפער פארקויפען. אזוינע בילדער מאכען א שרעקליכען איינדרוק. צום בעסטען איז געראטען דעם פערפאסער פאר צו שטעלען מיט גרויס קונסט די געפיהלען וואס לעבען אויף אין דער פינסטערער, הונגעריגער יודישער מאסע אונטער דעם איינדרוק פונ'ם ציוניזם. אין די חושכ'דיגע, איינגעפאלענע הייזלעך פאנטאזירט שטיל דער ארימער המון, וועגען זיין צוקינפטיגע מלוכה. זיך דערמאנענדיג אן זיין היילינ לאנד פארגעסט ער אויף א רגע זיין עלענד, זיין נויט און דחקות. אט דער זיסער חלום דערהויבט דעם הונגעריגען יודישען פראליטאריאט ביי זיך אין די אויגען און זיי פיהלען אז זיי זענען עפיס.

אין דעם לעצטען קאפיטעל מאלט ה׳ אשקעוויטש די פאנאראמען מיט די שרעקליכסטע פארבען. דאס לעזען האט אויף די צוהערער געמאכט זעהר א שטארקע ווירקונג הערענדיג און אלע האבען בע־וואונדערט זיין טאלענט, וואס צייגט זיך ארויס אין דעם דאזיגען נייעם ווערק.

---

## אלערליי.

— א שרפה וואס האט געדויערט א גאנץ חודש. דעם 10 אקטאבער האט אויפגעהערט די גרויסע שרפה פון די אגולעוויטשער נאפט־קוועלען, די דאזיגע שרפה האט זיך אנגעהויבען דעם 10 סענטיאבער און האט געדויערט א גאנצען חודש.

— ד״ר סאקים קאנקורענט. דער בעריהמטער אמעריקאנישער תענית־פאסטער ד״ר סאקי, וועלכער האט שוין איינינע מאל געפאסט א גאנצען חודש בסדר, געפינט זיך איצט איןווארשא, וואו ער ווייזט זיין קונסט אין פאסטען, דארטען האט ער אבער בעקומען א קאנקורענט, א געוויסער שטיינער־האקער קארל שומאנסקי, וועלכער האט שוין אמאל געפאסט דריי וואכען בסדר, און היינט, אז ער האט זיך דערוויסט, אז ד״ר סאקי איז אין ווארשא, וויל ער מיט איהם קאנקורירען אין פאסטען.

— א כלה מיט הונדערט מיליאן מארק. די דאזיגע רייכע כלה האט בעקומען דער ענגלישער הערצאג פון רעקסבארג. די כלה איז אלט קוים 20 יאהר, זי הייסט מיס געלעט און איהר פאטער איז איינער פון די אייזענבאהן־קעניגע אין ניו־יארק. א סך חתנים האבען זיך ארום איהר געדרעהט, נאר זי האט דעם הערצאג פארטרויט צוזאמען מיט איהר הארץ אויך איהר נדן, וואס בעשטעהט פון הונדערט מיליאן מארק.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— די שוועסטערן פאפאוו אין מאסקווא האבען געשאנקען א גרויס הויז און 300,000 רובל אויף צו בויען א פריוט פאר בלינדע.

— דאס פינאנץ־מיניסטעריום האט בעשלאסען איינצופיהרען אין די פאבריקען, מען זאל מאכען פרויען פאר אינספעקטארען אין די פאבריקען, וואו עס געפינען זיך א גרויסע צאהל פרויען, וואס ארבייטען דארט.

---

## די פרויען אין חינא.

אין חינא איז די פרוי אין גאנצען גערעכענט אלס שקלאפין פון דעם מאן. אין די פריהערדיגע צייטען האבען די פרויען פון די העכערע קלאסען גישט געטארט ארויסגעהן פון שטוב אהן דעם מאנס ערלויבניש, און ווען זיי זענען שוין ארוים האבען זיי די דינערשאפט געטראגען אויף א פערמאכטען שטוהל. היינט מעגען שוין די פרויען אין חינא פון העכערן קלאס זיך ווייזען מיט דעם בלויסען פנים אין גאס, אבער די פרויען פון מיטלערען קלאס טארען נאך היינט נישט פארלאזען זייער עזרת־נשים, און איהר גאנץ לעבען מוז זי פארברענ־גען אין דער בעל־הבית'ישקייט און מיט ערציהען די קינדער.

די חינעזישע פרוי בעקומט ערשט דענסטמאל א ווערט אין דער געזעלשאפט, ווען זי האט געבארען א זוהן. ווען איהרע זיהן האבען חתונה, ווערד די מוטער זעהר הויך געאכטעט.

א שידוך מיט די קינדער טון די עלטערן באלד ווי דאס צוקינפ־טיגע „פאר“ ווערד געבוירען. אז עס קומט די חתונה־צייט הייבען זיך

אן א גאנציע שורה פון צערעמאניעס. ווען אלע שטערען־בעדייטונגען ווייזען אויף גליק, שיקט דער פאטער אדער דער ברודער פון חתן א שליח צו די כלה'ס פאטער. בעטען זיין טאכטערס האנט און ווען מען בעקומט דעם פאטערס הסכמה פערלאנגט דעם חתנ'ס פאמיליע, מען זאל שרייבען תנאים. באלד נאכדעם שיקט מען די כלה'ס עלטערן פערשידענע מתנות. דער טאג פון דער חתונה ווערד בעשטימט נאכ'ן לוח נאך. די צערעמאניעס בעשטעהען פון מאהלצייטען, מוזיק און פראצעסיעס.

אין חינא מעג מען נעמען א סך פרויען, א געזעצליכע פרוי אבער — נאר איינע. זי פיהרט דאס בעל־הבית'שקייט און מען האלט איהר פאר די אמת'ע בעל־הבית'טע אין הויז. ווען דער מאן האט עפיס א מיטעל אדער ערגעץ איין עהרענשטעלע אין דעם מיליטער אדער ווי ערגעץ אנדערש, טיילט זיך נאר די געזעצליכע פרוי מיט איהם זיין כבוד. אפילו נאך דעם טויט בלייבט נאר די געזעצליכע פרוי אלס יורש'טע פון זיין טיטול. די אנדערע פרויען אבער בלייבען אין זייער פריהערדיגען נידריגען צושטאנד.

דאס גט'ן זיך איז זעהר לייכט אין חינא און איז דעריבער דארטען זעהר פערבריי'טערט. דאס געזעץ רעכענט אויס זיבען פאלען לויט די פעראָרדנונג פון דעם געזעץ־געבער דארילו, צוליב וועלכע מען מעג די פרוי גט'ן: א פרוי, וועלכע האט קיין קינדער נישט, וואס איז צופיעל אויסגעלאסען, ווען דער מאן איז אויף איהר אייפערזיכטיג, (דאס הייסט ער איז איהר חושד, אז זי האט ליב איין אנדערן), א פרוי וואס רעדט צו פיעל וואס מען חאפט ביי א גנבה, א פרוי וואס פאלגט נישט דעם מאן און אזעלכע וואס איז קרעציג.

דער מנהג מאוס צו מאכען די פיס פון די פרויען באלד פון דעם געבוירען ווערען, ווירקט זעהר אויף זייער סארט לעבען. דער דאזיגער מנהג איז כמעט געווארען א חוב פאר די רייכערע קלאסען פון די דרום פראווינצען; נאך שארפער איז דער מנהג אין צפון פון חינא און איבערהויפט אין פעקינג.

מען מאכט די פיס מאוס מיט פערשידענע מיטלען. ווי איבער־קעהרען אלע פינגערס א חוץ דעם גראבען אונטער דער פאדעשווע, פון וועלכע עס מאכט זיך דארט א טיעפע גריבעל, און נאך אנדערע מיטלען, וועלכע מען הויבט אן צו געברויכען פון פיער, זעקס אדער זיבען יאהר.

די פרויען קענען דעריבער כמעט נישט געהן און לעבען אב זייערע יאהרען זיצענדיג. אפילו מיט דער ווירטשאפט בעשעפטיגען זיי זיך אויך געוואהנליך אדער ליגענדיג אדער שטעהענדיג אויף די קניע.

די פרויען־ארבייט אין דער שטאדט איז פון גאנץ קליינעם ווערט. זיי זענען על פי רוב קאסירערינען און זיצען ביי דער קאסע זיך נישט ריהרענדיג.

אין א טייל קלאסען פון מאנספילען דעם גרעסטען טייל ארבייט אין הויז־ארבייט. זיי פערנעמען זיך מיט דער קיך און ווירטשאפט.

פון ריינליכקייט ווייסען די חינעזער פרויען גאר נישט, אין ערגעץ געפינט זיך נישט אזוי פיעל שמוץ און בלאטע ווי ביי זיי.

די מרות זייערע האבען זיך פונדעסטוועגען א ביסל געביטען, געוואהנליך, נישט אין די שטעדט וואס ליגען אין מיטען חינא, נאר אין די וואס זענען ביים ים, נאהנט פון גרענעץ. די קינדער פון רייכע סוחרים בעקומען אייראפייאישע בילדונג און ערציהונג.

אין די פריהערדיגע דורות האבען די פרויען אין חינא געטוזט טון אלע שווערע ארבייט אויפ'ן פעלד, היינט טון זיי שוין לייכטערע ארבייט. עס געפינען זיך שוין פרויען, וואס פארנעמען זיך מיט מאכען געקינסטעלטע בלומען, וועלכע איז זעהר אין דער מאדע אין חינא, פראסטע פויערטעס און סאלאן־דאמען פוצען מיט די געקינסטעלטע בלומען זייערע האר.

די קליידונג פון די חינעזישע פרויען איז כמעט אלע פון איין פארם. דאס רוב קליידער זענען געמאכט פון זייד, ברייטע מיט קורצע ארבעל. ביין האלז איז עס געמאכט צו צושפילען, ביי דער ברוסט איז אויסגעהעפט אלערליי בלומען. די שוך ביי די פרויען מיט די מאוסע פיס זענען זעהר קורץ; די הויכע אבזאצען קומען אויס כמעט אין מיטען שוך.

די קאפ־קליידונג ביי די חינעזער פרויען איז געמאכט פון פיעל פערשידענע פארמעס. אין איינינע ערטער טראגען זיי זיך ווי די איטאליענער פרויען. בכלל טראגען די חינעזער פרויען שיניאנען (א זא סארט קאפפערפלעכטונג); די רייכע בעפעסטיגען עס מיט גאלדענע שפיל'קעס — די ארימע בעגניגען זיך מיט פראסטערע בעפוצונג. טייל מאל טראגען זיי נישט קיין גרויסע מעטאלענע קריינדלעך מיט אמת'ע אדער געקינסטעלטע בלומען, און טייל מיט פליגעלעך געמאכט פון פעדערן.

אין דעם פראווינץ פא־קיען שטעלט פאר די קאפבעפוצונג פון די פרויען א גאנצע פיראמידע.

די פרויען טראגען אויך פיעל בריליאנטען; בראסלעטען, רינגען, אויהרינגלעך, פערל־שנורען. דער מנהג צו טראגען לאנגע נעגעל האט ארויסגעבראכט ביי זיי א מאדע צו טראגען אויף די נעגעל זילבערנע אדער גאלדענע שיידלעך.

א זונטיק און א פעכער איז דורכאויס נייטיג צו דער פרויען טואלעטע. ווינטער־צייט טראגען די פרויען אויך א מין בעדעקונג אויף די אויהרען, וועלכע איז פון אינעווייניג און אויסעווייניג מיט פעלץ.

זעהר פיעל פרויען רייכערן אפיום, וועלכע ווירקט זעהר שלעכט אויף זייער געזונט און קאנען מחמת דעם נישט געבען זויגען זייערע קינדער.

ש. זילבערשטיין.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau

# החתימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

שנה שלישית **עולם קטן** שנה שלישית

דמו"ל: העורכים:

**הוצאת „תושיה" בורשה. א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.**

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.
ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כלגליון מלבד שהיא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטיבן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית שנת תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

כתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

## „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

## חדשה לקוראנו!

עוד לפני שלש שנים, כראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראינו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא כתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

## „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

**החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.**

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ“ Варшава.

בשאר ארצות:

Administration ,.Olam Katan“, Krakau, Sebastyang. 32.

„הנעורים" בשם ירחון לבני הנעורים: הוספה חדשה ל„עולם קטן"

## אויף דעם זאמעל-בוך „הילף"

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינעוו.

**(פּרייז 1 רובל מיט פּארטא).**

אהרן ראסניצאוו (סמאלענסק), א. כהן (קרופעץ), ד. אבריזשינסקי (אדריזשין), מ. שלייען (אדעסא), מ. נ. טעפליצקי (סמיעלא), ב. י. וויערניבאווא (זוועניגאראדקא), ל. ליפיאנסקאיא (זלאטאפאל) יצחק משה שירמאן, יהושע פארבער, אהרן לאנגבארט, דוד רעדינסקי (חארטין), ג. ב. שקאלניק (צאריצין), ס. א. גאטאווסקי (מינסק) 2 עקז, מ. כהן (ריגא). פון שפאלא (קיעוו. גוב.) האבען אויסגעשריבען: י. באנגארט, ד. פעדינאווסקי, ה. קאראטינסקי, א. חער-סאנסקי, ה. הארא־יעצקי, טשערנאמארסקי, י. פישביין, י. טאבאטשניקאוו, נ. שווארצבריים, ר. ס. ליאקומאוויטש (מאזיר), מ. אייזענבערג (קיעוו), מ. מ. אליעווסקי (ניעזשין), רבקה יאגופאלסקא 2 עקז, מאיר ריבאק (לוקאשעווקא)

---



---



---

